

Marc Chagall

דער מאַקעט צו דער וואַנט־מאָלעריי פון
מאָסקווער יידישן טעאַטער (1919).

יוסף שיין

# אַרום מאָסקווער יידישן טעאַטער

JOSEPH SCHEIN :
A PROPOS DU
THEATRE JUIF
DE MOSCOU

MAQUETTE ET
COUVERTURE :
MAREK HALTER

DESSIN DE MIKHOELS
PAR A. TISCHLER

יוסף שיין:
אַרום מאָסקווער
יידישן
טעאַטער

דער מאַקעט
און די הילע:
מאַרעק האַלטער

די צייכענונג פון
מיכאָעלסן דורך:
א. טישלער

Vence. 8/4 1963

ליבער יוסף שיין א דאנק און גרוסן פאר אייער
קיום-ארטיקל איבער מיין ארבעט אין דעם מאסקווער אידיש
טעאטער. ס'איז גוט און הארציק געשריבן. איך קלער
אז איר זייט רעכט כ'האט די איינציקע טעאטער-מענטש
[illegible] און דארף אנשרייבן אויף מיינע ווענט פאנעלן
און טראגישער שפיגל אין מאסקווע.

מיט בעסטע גרוס
מארק שאגאל

Vence, 8.9.1963

ליבער יוסף שיין,

אַ דאַנק אַ גרויסן פאַר אייער קיום־אַרטיקל איבער מיין אַרבעט מיט דעם מאָסקווער יידישן טעאַטער. ס׳איז גוט און האַרציק געשריבן. איך קלער, אַז איר זייט היינט כמעט דער איינציקער טעאַטער־מענטש, וועלכער קען און דאַרף אָנשרייבן וועגן יענער וויכטיקער און טראַגישער עפּאָכע אין מאָסקווע.

מיט בעסטע גרוסן

מאַרק שאַגאַל

Paris, 1962 10־טן דעצעמבער

ליבער יוסף שיין,

אַ דאַנק אייך פאַר אייער בריוו. איך האָב זיך שטענדיק אינטערעסירט מיט אייער אויפטו אין טעאַטער אין פּאַריז, אָבער ליידער האָב איך נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו קומען זען. נו, אפשר אַן אַנדער מאָל. איך בין דאָך אַזוי צעטראָגן און מיין ווילן און קענען גייען זיך אָפּט פונאַנדער.

איצט וועגן אייער בוך: יידישער מאָסקווער טעאַטער, איך וואָלט אייך מיט פאַרגעניגן געהאָלפן מיט די רעפּראָדוקציעס, איז ווי קען איך דאָס טאָן אין מיין צושטאַנד.

יאָ, דאָס איז שוין אַן אַלטע געשיכטע, זי האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן נאָך אין וויטעבסק, ווען גראַנאָווסקי מיט זיין סטודיע איז געקומען אין יאָר, דאַכט זיך, 1918, בעטן מיך קומען קיין מאָסקווע און מיכאָעלס און אַנדערע זענען געווען נאָך „גרינע״ שילערס און אַלץ איז נאָך געווען אין ריינהאַרדס (בערלין) און אַ ביסל סטאַניסלאַווסקי סטיל. איך בין גליקלעך, וואָס איך בין געווען באַפריינדעט מיט מיכאָעלס, זוסקין און אַנדערע און אפשר זיי אינספּירירט, געהאַט זייער ליבע. און איצט איז אַלץ געענדיקט אין דעם גרויסן רוסישן טומאַן צומישט מיט אַנטי־יידישע געפילן.

איך ווינטש אייך גליק צו שרייבן וועגן זיי און דעם טעאַטער. ווען איך וואָלט האָבן כוח, וואָלט איך אויך געשריבן, אָבער די פּענע האַלט זיך נישט ביי מיר אין האַנט. און אפשר איז זייער שמייכל און אידעאַל אַ ביסל אין מיין קונסט.

זייט געזונט מיט בעסטע גרוסן

מאַרק שאַגאַל

פעטערבורג, אָקטאָבער 1919. היינט ווערט פייערלעך אָפּגעמערקט דער צוויי־יעריקער יובל פון דער רעוואָלוציע. אויפן פּאָן פון צאַרישן ווינטער־פּאַלאַץ שפּילט זיך אָפּ אַ ריזן־אויפפירונג: טויזנטער סאָלדאַטן, מאַטראָסן, אַרבעטער און פּויערים, פאַרוואַנדלטע אין שוישפּילער, וואַרפן זיך מיט אַ געמיינזאַמען הוראַ־געשריי צו שטורעמען די צאַרישע פעסטונג. זיי שפּאַרן פּאָרויס צו די געשלאָסענע אייזערנע טויערן, באַקרוינטע מיטן צוויי־קעפּיקן אָדלער. באַלד וועלן אויפפּראַלן די טויערן און דער המון וועט יובלען דעם זיג פון באַפרייאונג.

אינעם גראָען באַלטישן פאַרנאַכט זענען דאָ פאַרזאַמלט צענדליקער טויזנטער צושויער, וואָס פאָלגן נאָך דעם מאַסן־ספּעקטאַקל. טייל פון די צושויער שליסן זיך איין אין דער האַנדלונג. אין יעדן פון זיי דערוואַכט דער באַגער נאָכאַמאָל דורכצולעבן דעם רייצנדיקן געפיל פון צעשמעטערן דעם פון הונדערטער יאָרן פאַרהאַסטן צאַריזם.

דער אַרכיטעקט ראַסטרעלי, בויענדיק פאַרן צאַר זיין ווינטער־פּאַלאַץ, האָט זיך געמיט אין דער קאַלטער, נעפּלדיקער סלאַווישער הויפּטשטאָט אַריינברענגען די זון פון איטאַליע, איר האַרמאָנישע שיינקייט פון פּאַלאַצן, אַנסאַמבלען און סקווערן. אַן אַנדערער איטאַליענער, ראָסי, שאַפנדיק דעם אָפּענעם, לופטיקן האַלב־קרייז פון דער אַדמיראַליטעט, אַרום דעם צאַרישן פּאַלאַץ, האָט צוגעגעבן די ווענט און קאָלאָנעס, בוי־אַנסאַמבלען, די קאָליר פון זון מיט ווייס. שפּילן די דאָזיקע קאָלירן אינעם רעגן און טוי און וואַרעמען דעם אומהיימלעכן פּייזאַזש פון דער צפון־שטאָט, אויפן ברעג פון באַלטישן ים.

די אַרויפגעשאָסענע ראַקעטן צעשפּליטערן זיך אין פּילצאָליקע ליכט־גירלאַנדן און באַלויכטן די רייכע אַרומיקע פּאַלאַצן און "אָסאָבניאַקעס" פון די נעכטיקע הערשער. זיי וואַרפן אַ שיין אויפן הויכן טורעם פון דער פּעטראָפּאַוולאָווסקער פעסטונג, ווו דורות רעוואָלוציאָנערן האָבן באַגעגנט דעם טויט אויף דער תליה.

איצט זענען די נעכטיקע פאַרפּאַלגטע די היינטיקע בעלי־בתים. זיי האָבן באַזעצט די פּאַלאַצן און רייכע סאַלאָנען און אַרויסגעהאָנגען אויף די בייכיקע באַלקאָנען די רויטע פאָן פון פּראָלעטאַריאַט.

אויפן ריזן־פּלאַץ ווערט אַלץ געדעקט מיט רויך פון פלאַמיקע שייטערן אין אַרויסגעהויבענע פּאַקעלן. שטייט אין זיין גלייכגילט דער צאַרישער פּאַלאַץ און קוקט אַראָפּ צום מענטשן־אויפברויז מיט צענדליקער מיטאָלאָגישע פיגורן. בלויז די פענצטער שפּיגלען אָפּ דעם פלאַם פון אָנגעצונדענעם פייער.

אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי (אַזאַרך), דער יידיש־אייראָפּעאישער רעזשיסער, וועלכער איז אַהער אָנגעקומען פון מינכען, קוקט צו מיט אינטערעס די ריזן־פאָרשטעלונג, מיט וועלכער עס פירט אָן דער יונגער באַגאַבטער ניקאָלאַי פּעטראָוו.

אָט אַזוי האָט עס מסתם אויסגעזען, ווען אין אָקטאָבער 1917 איז דערקלערט געוואָרן דער אויפקום פון אַ נייעם רוסלאַנד. גראַנאָווסקי ווערט פאַרכאַפּט פון דער אָנגעגליטער אַטמאָספער. אים דוכט, אַז ער ווערט געטראָגן פון די טויזנטער צו שטורעמען די אַלטע וועלט. ער איז עמאָציאָנירט און פאַרגעסט אָפּט זיין ראָל פון אַ צושויער. אים גלוסט זיך אָנטיילצונעמען אין דער שפּיל, אונטערזאָגן, געבן באַפעלן, אָנפירן.

פון פאַרשיידענע שטאָט־באַצירקן קומען אָן באַוואָפנטע מאַטראָסן, סאָלדאַטן, צו דער רעזידענץ פון געוועזענעם צאַר. פון אויבן זעט מען די ברייט־צעגאָסענע אין גראַניט איינגעצוימטע נעוואַ. אין אירע וואַסערן אַנקערט די רעוואָלוציאָנערע שיף "אַווראָראַ". אירע זאַלפּן אויפן ווינטער־פּאַלאַץ האָבן אויפגעצוווּנגען די קאַפּיטולאַציע פון דער צייטווייליקער רעגירונג. אויך איצט, אין שפּיל, באַדאַרף זי, אין דער אָנגעמערקטער צייט, אויסשרייען דעם טריומף פון זיג.

דריי הילכיקע, מיט פייער שפּייענדיקע, זאַלפּן דונערן אין דער אָנגעגליטער לופט. מיט דעם ווערט דער אָקטאָבער־שפּיל פאַרענדיקט און דער יום־טוב טרעט אַריין אין פולן גאַנג.

גראַנאָווסקי נידערט אַראָפּ פון דער טריבונע. דער ווינט, וואָס טראָגט זיך פון דער נעוואַ, קילט און נעמט דורך. אין דער צייט פון שפּיל האָט ער פאַר־געסן און נישט געשפּירט די קעלט.

פאַר אים איז דאָ אַלץ ניי. כאָטש ער איז אויפגעוואַקסן אין ריגע, דער־צויגן אין דער רוסישער קולטור אין אַ רוסישער גימנאַזיע, זיין טעאַטראַלע אויס־בילדונג האָט ער באַקומען אין דייטשלאַנד. ער האָט גוט געקאָנט די אויפפירונגען פון מאַקס ריינהאַרד און די ערשטע פרווון פון פיסקאַטאָר. ער האָט אויך געלערנט מיט אינטערעס די פאָרשטעלונגען פון ווסעוואָלאָד מייערכאָלד. אים איז געווען נאָענט דער פרווו פון מאַסן־פאָרשטעלונגען.

ער האָט געשפּאַנט מיטן גראַניט־וועג פון דער בלייערנער, אומרואיקער נעוואַ.

— נייך, עפּעס שטימט נישט — האָט ער געטראַכט — עס איז טאַקע ריזיק־גרויס, וואָס ניקאָלאַי פּעטראָוו האָט איצט באַוויזן, אָבער עס איז ווי אַן אויפגע־שטעלט בילד, עס איז מעכאַניש, נאָר פאַרן אויג. עס האָט נישט די באַזינונג. עס צווינגט נישט צו טראַכטן, דענקען, מאַכן אויספירן. עס איז עמאָציאָנעל ווי אַ קאַרנאַוואַל, אָבער פאַרשווינדט מיט זיין לעצטן מאַרש.

אים האָט אויסגעזען, אַז זיין אויפפירונג, אין פּעטערבורגער צירק, פון "קעניג עדיפּ" פון סאָפאָקל, כאָטש עס שפּיגלט אָפּ אַ צייט פון איבער צוויי טויזנט יאָר צוריק, רופט זיך מער איבער מיטן היינט, ווי פיל פּלאַקאַט־אויפפירונגען. אים איז פרעמד דאָס סטיכישע, דאָס מעכאַנישע פון מאַסן־פאָרשטעלונגען, וואָס טראָגן אין זיך דעם קערן פון צופעליקייטן. אין "קעניג עדיפּ" נעמען אָנטייל שוישפּילער פון אַלע פּעטערבורגער טעאַטערן און אויך פון זיין ניי־געגרינדעטער יידישער טעאַטער־סטודיע. אַלץ איז דאָ אָרגאַניזירט מיט דער אייזערנער דיסציפּלין פון רעזשיסערישן געדאַנק און ווילן.

וויכטיק איז די פאָרשטעלונג אַלס אַ גאַנצע, אַלס אַ זעלבסטשטענדיק ווערק. אים אינטערעסירט ווייניקער דער סאָליסט, דער איינצעלנער אַקטיאָר. איבער אַלץ איז די קינסטלערישע לייזונג פון דער גאַנצער פאָרשטעלונג, די רעזשיסערישע וויזיע און צוגאַנג, דער באַנעם און אופן פון אַרויסברענגען אַ דראַמאַטיש ווערק.

האָט דאָך פיאָדאָר שאַליאַפּין געפּרווט איינריידן גראַנאָווסקין, צו דערלייבן שפּילן מעפיסטאָ אין זיין אויפפירונג פון "פאַוסט", אין זיין רויטן לבוש.

— נייך, טייערער פיאָדאָר איוואַנאָוויטש, איר וועט שפּילן אין דעם גראָ־שוואַרצן קאָסטיום, אַזוי זע איך מעפיסטאָ אין מיין אויפפירונג.

שאַליאַפּין איז ניט אָפּגעטרעטן. פּאַר מעפיסטאָ איז אויפגעטראָטן אַן אַנדערער שוישפּילער, וועלכער האָט זיך אונטערגעוואָרפן דעם ווילן פון גראַנאָווסקי.

דאָס איז געווען אַ נייער צוגאַנג, גערירשנט פון מאַקס ריינהאַרדס שול. אַלץ באַשטימט דער רעזשיסער. ער איז די העכסטע אינסטאַנץ און אויטאָריטעט ביים שאַפן אַ פאָרשטעלונג.

אָט איז שוין דאָס שמאָלע געסל, ווו עס געפינט זיך זיין יידישע טעאַטער־סטודיע. דאָרט, אין דעם קליינעם צימער, וואַרטן אויף אים די יונגע אַקטיאָרן. אַלעמען פאַראייניקט די באַגייסטערונג פון שאַפן אַ יידיש טעאַטער אויף נייע פּראָפעסיאָנעלע און קולטור־יסודות. צווישן זיי טיילט זיך באַזונדערס אויס דער נישט־שיינער ריגער בחור, שלמה וואָפסי, וועלכער האָט באַשלאָסן אָננעמען דעם סצענישן פּסעוודאָנים מיכאָעלס, נאָך זיין פאָטער, וועלכן מען האָט גערופן מיכל. אין דעם 28־יעריקן פעסט־געבויטן מענטשן פילט מען דעם פונק פון אַ גרויסן טאַלאַנט. ער איז געקומען אין דער סטודיע מיט הויך־בילדונג פון יורידישע וויסנשאַפטן און מיט קענטעניש פון דער יידישער און וועלטלעכער קולטור. מיכאָעלס פאַרמאָגט אויך דערפאַרונג פון אַרויסטרעטן פאַרן צושויער מיט רעצי־טאַציעס פון ביאַליק, פּרוג און פּראָזע פון שלום־עליכם.

גראַנאָווסקין קומט אויפן געדאַנק "אוריאל אַקאָסטאַ". אָט מיט דעם דער־וואַקסענעם, טאַלאַנטפולן שלמה וואָפסי איז עס מעגלעך. אָבער איצט באַדאַרף מען טראַכטן וועגן "די בלינדע", פון מעטערלינק, וואָס ער רעפּעטירט איין מיט זיינע נייע יידישע יונגע שוישפּילער.

פון ווייטן, פון פלעצער אָנגעפילטע מיט זינגענדיקע און טאַנצנדיקע, אונטער דער באַגלייטונג פון אַ האַרמאָשקע, דערטראָגן זיך אָפּגעריסענע טענער, געשרייען, וואָס ווערן אַלץ שוואַכער, ביז זיי פאַרגייען.

גראַנאָווסקי שטייגט אויף די, אַזוי גוט באַקאַנטע טרעפּ. פון דער הויך, ווו די יוגנט זיצט שוין אין אַ האַלב־קרייז אַרום צוגערייטן טישל פאַרן קינסטלערישן אָנפירער, דערטראָגן זיך געלעכטער און געזאַנג.

מיט זיין אַריינקומען ווערט אַלץ באַרואיקט. עס הויבט זיך אָן די פּראָבע.

דאַן ווען די גאַס איז אָנגעפּילט מיט רעוואָלוציאָנערן ברויז, בירגער־קריג, פּראָנט און בלאָקאַדע, ווען עס ווערן געבראָכן אַלטע, פון הונדערטער יאָרן, טראַדיציעס, ווען עס רופן שרייענדיקע לאָזונגען צו שטורעמען די וועלט, זיצן אין אַ פּעטערבורגער צימער עטלעכע צענדליק יוגנטלעכע, מיט זייער דערציער און שטודירן איין די ראָלן פון מעטערלינקס "די בלינדע".

***

דער פּעטערבורגער פּעריאָד פון גראַנאָווסקיס טעאַטער־סטודיע איז אָנגעפּילט מיט אַ ליידנשאַפטלעכן זוכן דעם אייגענעם שעפערישן וועג און סטיל. אַ חוץ "די בלינדע" פון מעטערלינק (אין וועלכע דעם רעזשיסער געלינגט אַרויסצוברענגען דאָס סימבאָלישע פון דער פּיעסע), ווערן אויפגעפירט "גאָט פון נקמה", "עמנון און תמר" פון שלום אש און "אוריאל אַקאָסטאַ" פון גוצקאָוו.

אויסטייטשנדיק די דאָזיקע פּיעסן אויף דער בינע, אינטערעסירט גראַנאָווסקין ווינציקער זייער אינהאַלט, ווי דער עצם, די פאָרם פון זייער אַרויסברענגען, דער אַרט פון באַנוצן און אָנווענדן נייע מיטלען, נייע סצענישע לייזונגען און ריטמען. דער אַקטיאָר האָט עקזיסטירט ווי אַ פאַרב, אַ דעטאַל צו דער גאַנצער קאָמפּאָזיציע פונעם ספּעקטאַקל. דער מאַטעריאַל, די פּיעסע, דער טעקסט איז נאָר געווען דער רוי־שטאָף פאַרן רעזשיסער.

צו דער געהאָרכזאַמקייט פון אַבסאָלוטן רעזשיסערישן ווילן, האָט מען באַדאַרפט דערציען אַ נייעם טיפּ יידישן שוישפּילער, וואָס זאָל זיין גרייט צו פאַרשיידענע סצענישע עקספּערימענטן און גלויבן, אַז דאָס איז דער איינציקער וועג אין דער טעאַטער־קונסט.

שטעלנדיק פאַר זיך אַלס ציל צו דערציען אַ נייעם יידישן אַקטיאָר, קומט אויס גראַנאָווסקין פּיל צייט אָפּצוגעבן דער פּעדאַגאָגישער זייט, ביים אויפפירן זיינע פאָרשטעלונגען. דער דאָזיקער דערציערישער צוגאַנג, די ערשטע יאָרן פון זיין טעטיקייט, האָט פּיל געגעבן די יונגע שוישפּילער, איבערהויפּט אויפן געביט פון אויסאיבן דעם קערפּער, אַנטוויקלען דעם חוש פאַר ריטם און מוזיקאַלישקייט.

די אויסגעאַרבעטע פּרינציפּן פונעם נייעם יונגן טעאַטער האָבן דערקלערט אַ נייעם צוגאַנג פון לייזן פאַרשיידענע פּראָבלעמען אין דער טעאַטער־קונסט און טעאַטער־פּראַקטיק.

דאָס אַלץ איז געווען אַ נייעס אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער אין רוסלאַנד, וואָס איז געווען באַזירט אויפן פּרינציפּ פון סטאַר און צופּעליקייטן אין זיין טאָג־טעגלעכן לעבן.

ווען מיר פּרווון באַטראַכטן די הויפּט־צילן וואָס עס האָט פאַר זיך געשטעלט דער יונגער טעאַטער, באַדאַרף מען באַזונדער אויסטיילן דריי, וואָס האָבן פאַר־נומען, אין זיין וויטערדיקן שעפערישן לעבן, אַ ביז גאָר וויכטיקן אָרט.

צום אַלעם ערשטן (ווי שטוינענדיק דאָס זאָל נישט קלינגען), מיט מיטלען פון טעאַטער־קונסט "מקבר" צו זיין די טרויעריקע פאַרגאַנגענהייט פון יידישן פאָלק, וועלכן דער צאַריזם האָט פאַרטריבן אין די ד' אמות פון דער געטאָ, אויפדעקן דעם באַגרענעצטן שטייגער פון דער קליינשטעטלשער וועלט מיט זיינע קרעמער, פּראָצענטניקעס, כלי קודש, רעליגיעזע פאַנאַטיקער, באַדנלאָזע טרוימער און פאַנטאַזיאָרן.

צווייטנס: באַקעמפן דעם נאַטוראַליסטישן שטייגער־שפּיל פונעם אַלטן יידישן טעאַטער, מיט זיינע נאַאיווע סצענישע אויסדרוקס־מיטלען פון באַווירקן דעם צושויער.

דריטנס: דערציען אַ נייעם טיפּ יידישן שוישפּילער, וועלכער זאָל זיין באַלאַדן מיט דער דערפאַרונג פון דער היינטצייטיקער בינע, מיט דער טעכניק פון דער מאָדערנער שוישפּילערישער קונסט.

א. גראַנאָווסקי איז צוגעטראָטן צו דער שאַפונג פון אַ מאָדערנעם יידישן טעאַטער, מיט דער מאָס און קולטור פון אַן אייראָפּעיער. און דערפאַר איז דער ציל געוואָרן — שאַפן אַן אייראָפּעאיש־יידישן טעאַטער.

די ערשטע פאָרשטעלונגען, אין דער סטודיע, האָבן נישט געבראַכט דעם געווונטשענעם דערפאָלג. זיי זענען געווען מער אַ פאַרמעסט ווי אַ דערגרייכונג. מען האָט געפּרוווט די כוחות. מען האָט דערקענט איינער דעם אַנדערן, ס'האָט זיך צעמענטירט אַ קאָלעקטיוו, עס זענען פאַרפעסטיקט געוואָרן די פּראָפעסיאָנעלע געוווינהייטן, מען האָט, סוף כל סוף, געוווסט און פאַרשטאַנען וואָס מען וויל און וואָס מען זוכט — אָבער, פאַרבליבן איז מען דערווייל אויפן וועג פון זוכונגען...

דאָס איז געווען סוף 1919, ווען אין דער שאַגאַל־שטאָט, וויטעבסק, זענען אָנגעפאָרן די יונגע שוישפּילער פון דער געגרינדעטער פּעטערבורגער טעאַטער־סטודיע, מיט זייער קינסטלערישן אָנפירער, אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי בראש. דאָ, אין וויטעבסק, וועלן זיי באַווייזן זייערע ערשטע סצענישע פּרוון, צוגעגרייטע אין פּעטערבורג, פון "גאָט פון נקמה" (שלום אש) און פון "אוריאל אַקאָסטאַ" (גוצקאָוו), אָבער פאַר גראַנאָווסקין און מיכאָעלסן שטייט פאָר נאָך אַ וויכטיקע געשעעניש: די באַקאַנטשאַפט מיטן שוין דאַן באַרימטן מאָלער מאַרק שאַגאַל.

די דאָזיקע באַגעגעניש פון דריי יידישע קינסטלער ווערט אַ גורלדיקע אין דער געשיכטע פון יידישן טעאַטער. פיל געמיינזאַמעס ווערט אויפגעקלערט אין די דאָזיקע געשפּרעכן. גראַנאָווסקי פאַרבעט שאַגאַלן צו קומען קיין מאָסקווע און צוגרייטן די דעקאָראַציעס פאַר דער דערעפענונג־פאָרשטעלונג פונעם ניי־געגרינדעטן יידישן קאַמער־טעאַטער, וואָס האָט אַרומגענומען דריי איינאַקטערס פון שלום־עליכם: "אַגענטן", "ס'אַליגן" און "מזל טוב", אונטערן נאָמען "שלום־עליכם אָוונט".

איבער וויטעבסקער גאַסן שפּאַצירן אַרום די יונגע שוישפּילער. מען איז גליקלעך, פול מיט האָפענונג. זיי וועלן בילדן דעם ערשטן, אין דער געשיכטע, מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער, אַ טעאַטער מיט אַלע רעכט, מיט דער אונטער־שטיצונג פון דער רעגירונג. אין דער שטאָט, ווו יידן האָבן נישט פאַרמאָגט קיין וווין־רעכט, וועט זיך איצט, יעדן אָוונט, עפענען דער פאָרהאַנג פון אַ סטאַבילן יידישן טעאַטער. זיי וועלן שפּילן אין שכנות פון באַרימטע רוסישע טעאַטערן, ווי דער קינסטלערישער און דער מאַלי־טעאַטער, אין קאָנטאַקט מיט באַרימטע שוישפּילער ווי קאָנסטאַנטין סטאַניסלאַווסקי, מאָסקווין, לעאָנידאָוו, וואַכטאַנגאָוו, יערמאָלאָוואַ, וואָס איטלעכער פון זיי איז אַליין אַן אוניווערסיטעט פון טעאַטער־קונסט.

מאַרק שאַגאַלן פאַרכאַפּן די יוגנטלעכע התפעלות און די צילן פון טעאַטער.

ער נעמט אָן די איינלאַדונג און פאָרט קיין מאָסקווע, ווו ער שליסט זיך אָן מיט זיין גאַנצן שעפערישן ברען אין דער גרינדונג פונעם נייעם טעאַטער.

מאַרק שאַגאַל דערמאָנט וועגן יענער צייט, אין זיינעם אַ בריוו צו מיר:

״יאָ, דאָס איז שוין אַן אַלטע געשיכטע. זי האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן נאָך אין וויטעבסק, ווען גראַנאָווסקי מיט זיין סטודיע איז געקומען, דאַכט זיך, אין יאָר 1918, בעטן מיך קומען קיין מאָסקווע. מיכאָעלס און אַנדערע זענען נאָך געווען ״גרינע״ שילער און אַלץ איז נאָך געווען אין ריינהאַרדס און אַ ביסל סטאַניסלאַווסקי סטיל. איך בין גליקלעך, וואָס איך בין געווען באַפריינדעט מיט מיכאָעלסן און זוסקינען און אַנדערע און אפשר זיי אינספּירירט, געהאַט זייער ליבע״.

אין איינע פון די שמאָלע געסלעך אַרום דער ניקיטסקאַיאַ באַקומט דער טעאַטער אַ קליינעם לאָקאַל מיט אַ בינע. בלויז 90 פּלעצער פאַר צושויער. טאָג־טעגלעך רעפּעטירט גראַנאָווסקי אויף דער קליינער בינע און אין דער זעלבער צייט מאָלט שאַגאַל די ווענט פון צושויער־זאַל.

פון דער בינע קלינגט דער זאַפטיקער, פאָלקסטימלעכער שלום־עליכם טעקסט. מאַרק שאַגאַל הערט זיך צו און זיין פּענדזל מאָלט: יידיש לעבן, יידישן טרוים און יידיש טעאַטער. שאַגאַלן איז נאָענט די וועלט, די געשטאַלטן, דער הומאָר און די פיינלעכע ווירקלעכקייט פון שלום־עליכם, אַ ווירקלעכקייט, וועלכע ער האָט אַליין איבערגעלעבט אין זיין וויטעבסק. דעמאָלט ווען גראַנאָווסקי נעמט צונויף די שוישפּילער און מאַכט זיינע באַמערקונגען, מאָלט דער קינסטלער זיין פאַרביקע וועלט פון טעאַטער און שפּיל.

אַזוי גייט פאַרביי דער ערשטער חודש. אויף די געמאָלטע ווענט זענען שוין אַרויסגעבראַכט פאַרשיידענע כאַראַקטערן און טיפּן.

אַ שלל פון פאַרבן. יידישער קאַרנאַוואַל פון פורים־שפּיל, ווו אַלץ באַוועגט זיך אין אַן עקספּרעסיאָניסטישן עקסטאַז און דינאַמיזם. שלום־עליכם טיפּן געמישט מיט צירק־אַקראָבאַטן. יידישע מוזיקאַנטן ווערן פאַרכאַפּט פון זייער שפּיל און טראָגן זיך מיט זייער מוזיק אין די הימלען.

איבער דעכער פון שטעטל שוועבט, מיט זיין אויפגעעפנטן שירעם, דער



„מזל־טוב״ לויט שלום־עליכם.
דעקאָראַציע פון מאַרק שאַגאַל (1921).
מיכאָעלס (לינקס) און מ. שטיינמאַן.

שאַגאַל־ייד. און אַלץ צוזאַמען אַ סימבאָל פון טעאַטער און גראָטעסק. די גאַנצע וועלט — אַ בינע און די מענטשן — שוישפּילער. אַלע שפּילן זייערע גרעסערע אָדער קלענערע, וויכטיקערע, אָדער צווייטראַנגיקע ראָלן.

מאַרק שאַגאַל איז פאַרכאַפּט פון זיין אַרבעט און דער קליינער צושויער־זאַל ווערט אָנגעפילט מיט אַ וועלט פון פאַרבן, מיט אַ שאַגאַל־אַטמאָספער און שאַגאַל־אינהאַלט. אַ שעפערישע וועלט, וועלכע וועט שפּעטער באַווירקן נישט נאָר דעם צושויער, נאָר, און איבערהויפּט, די וואָס שפּילן, וועלכע שאַפן די שפּיל אויף דער בינע.

און ווען אַ מידער לייגט ער אָפּ די מאַלעריי, נעמט זיך דער קינסטלער צו דער דעקאָראַציע, צום עסקיז פון קאָסטיום פאַר דעם שלום־עליכם אָוונט. איצט שטייט אים פאַר צו באַלעבן די וועלט פון מאַלעריי, דורכן לעבעדיקן אַקטיאָר. די שוישפּילער וועלן אין באַוועגונג, זשעסט, גרים און קלאַנג שאַפן לעבעדיקע שאַגאַל־בילדער און שאַגאַל־טיפּן. דעמאָלט וועלן זיך צונויפשמעלצן שלום־עליכם, שאַגאַל, גראַנאָווסקי מיטן שפּיל פון מיכאָעלס, זוסקין, ראַטבוים, שטיימאַן, ניי און בילדן אַ ניי קונסט־ווערק — אַ שלום־עליכם פאָרשטעלונג.

דעם דערפאָלג, וועלכן מיכאָעלס האָט געהאַט אין דער ראָל פון מנחם־מענדל יאַקנעהאָז, האָט ער אין אַ גרויסער מאָס צו פאַרדאַנקען דעם מאָלער מאַרק שאַגאַל. וועגן דער דאָזיקער צוזאַמענאַרבעט פלעגט מיכאָעלס דערציילן מיט אַ קלוג גוט־מוטיקן שמייכל.

— אין טאָג פון דער פּרעמיערע איז שאַגאַל געקומען אין מיין גרים־צימער. נאָכן צעלייגן די פאַרבן האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט געטיילט מיין געזיכט אין צוויי העלפטן. איינס געמאָלן אין גרין, דאָס צווייטע — אין געל (מען זאָגט דאָך, גרין און געל). מיין רעכטן ברעם האָט שאַגאַל אַרויסגעהויבן מיט צוויי צענטימעטער העכער פון לינקן. די קנייטשן אַרום נאָז און ליפּן זענען זיך צעגאַנגען איבערן גאַנצן געזיכט. די דאָזיקע קנייטשן־ליניעס האָבן אַרויס־געבראַכט דעם טראַגיזם פון מנחם־מענדלען.

איך האָב אַריינגעקוקט אין שפּיגל און זיך איבערצייגט, אַז דער גרים האָט געשאַפן דעם דינאַמיזם און עקספּרעסיע פון דער געשטאַלט. דער קינסטלער האָט ווייטער געאַרבעט מיט גרויס פלייס. פלוצים זענען זיינע פינגער געבליבן איבער

מיין געזיכט מיט אַ פּראַגע־צייכן. עפּעס האָט אים געשטערט: ער האָט צוגעלייגט אַ פינגער צו מיין אויג, עס אַוועקגענומען און אָפּטרעטנדיק עטלעכע טריט, מיך באַטראַכט און מיט באַדויער צוגעגעבן:

— עך, סאָלאָמאָן, סאָלאָמאָן, ווען איר פאַרמאָגט נישט אייער רעכט אויג, וואָלט איך אַזויפיל געקאָנט אויפטאָן...

מיכאָעלס האָט געלאַכט, נאָר באַלד זיך פאַרטראַכט און געוואָרן ערנסט.

— מיין לעבעדיק אויג, מיין מיכאָעלס אויג, האָט געשטערט שאַגאַלן אַרויס־צוברענגען דאָס מנחם־מענדל אויג, וואָס ער האָט אַזוי בולט געזען און געפילט. די סיבה האָט קאָנטיק געשטעקט אין מיר...

דער עפּיזאָד כאַראַקטעריזירט, ווי טיף שאַגאַל איז אַריינגעדרונגען אין דער שעפערישער אַרבעט פון טעאַטער, פון זיין רעזשיסער און שוישפּילער. אָפּשאַצנדיק דעם שאַגאַל־פּעריאָד אין מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער, צו יענער צייט, האָט דער געוועזענער רעדאַקטאָר פון "עמעס", דער איינפלוסרייכער וואָרטזאָגער, משה ליטוואַקאָוו, געשריבן:

"פאַר די שלום־עליכמשע סאָמנאַבולישע פיגורן, וועלכע זענען אויפגעברויזטע חלומות אויף אַ גאַנץ אויסגערעכנטן "וואָר", האָט דער טעאַטער געפונען שאַגאַלן, וועלכער האָט פון זיין זייט, געפונען דעם יידישן קאַמער־טעאַטער. אַזאַ אידעאַלע צונויפגיסונג פון אַ טעאַטער און אַ קינסטלער ווערט זעלטן דערגרייכט. שלום־עליכמס פערסאָנאַזשן, סצעניש פאַרקערפּערט דורך די אַרטיסטן פון יידישן קאַמער־טעאַטער, אין די קאָסטיומען און ראַמען פון שאַגאַלס דעקאָראַציעס איז אַ ווונדער־שיינע טעאַטראַלע שוישפּיל, וועלכע גיט דעם יידישן צושויער אפילו אַ ליטעראַרישע נייעם שלום־עליכם".

משה ליטוואַקאָוו האָט שוין, צו יענער צייט, אָפּגעשאַצט דעם גרויסן טאַלאַנט פון יונגן שאַגאַל און פאָרויסגעזען, אַז זיין קונסט וועט זיך נישט פאַרענדיקן פאַרן טעאַטער, מיט איין פאָרשטעלונג, אַז זיין קונסט, אַריינגעבראַכטע דורך זיינע מאָלערייען און דעקאָראַציעס, גרים און קאָסטיום, וועט באַווירקן דעם ווייטערן שעפערישן וועג פון טעאַטער. אפילו לויבנדיק אַ צווייטן מאָלער, האָט ער די מעלות איינגעזען אין דעם, וואָס זיין עספּרי און פאַנטאַזיע ביים מאָלן און שאַפן

רעקאָראַציעס איז באַווירקט פון דער קונסט פון שאַגאַל. אַזוי אָפּמערקנדיק די געלונגענע דעקאָראַציעס צו דער פאָרשטעלונג "כישופמאַכערין" פון גאָלדפאַדן, זאָגט זיך אַרויס ליטוואַקאָוו:

"אין דער "כישופמאַכערין" האָט דער העלער, לעבנסלוסטיקער, שאַגאַלי־זירטער רעאַליזם פון יצחק ראַבינאָוויטש זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אמתע אַנט־פלעקונג פאַר די אויפגאַבן פונעם יידישן קאַמער־טעאַטער".

מאַרק שאַגאַל העלפט, אין אַ געוויסער מאָס, דעם יונגן טעאַטער צו געפינען זיין סטיל, וועלכן גראַנאָווסקי האָט אַזוי ענערגיש און לײדנשאַפטלעך געזוכט אין זיינע פעטערבורגער אויפפירונגען אין דער סטודיע.

די מאָדערנע שאַגאַל־אויפפאַסונג פון יידיש לעבן און די פאָרם פון אַרויס־ברענגען, האָט באַווירקט גראַנאָווסקין אין זיין שעפערישער אַרבעט איבער די ווערק פון אונדזערע קלאַסיקער: שלום־עליכם, מענדעלע מוכר ספרים און י. ל. פרץ. זיין מאַלערישע אויסטייטשונג האָט אַנטפּלעקט דעם סינטעז פון דאָס יידישע און איראָפּעאישע, האָט באַשטימט דעם אופן פון טראַקטירן די בילדערישקייט פון פיל גראַנאָווסקיס מאַסן־סצענעס: מיט פליענדיקע האָצמאַכס אין סטאַמבול און סאָלאָווייטשיק שדכן, וועלכער לאָזט זיך אַראָפּ פון אויבן מיט זיין שירם. מיר וועלן עס שפּעטער זען אין די הימל פאַריסענע לייטערס און יידישע אותיות, וואָס שפּילן אויפן פּריפּעטשאָק, מיט שמייכלענדיקע לבנות און אויפגייענדיקע, שטראַלנדיקע קופּער־זונען. מיר וועלן עס פילן אין די אַרויסגעבראַכטע הת־להבותדיק־טאַנצנדיקע, טרוימענדיקע, לאַכנדיקע און זינגענדיקע יידן.

דער שאַגאַליזירטער סטיל האָט זיך אָפּגערופן אין זשעסט, גרים, אין דער סצענישער באַדינגלעכקייט און סימבאָלישקייט פון צענדליקער בעטלער־הענט אין "מסעות בנימין השלישי", אין דער מיסטיק פון דער אויפגעשטאַנענער טויטן־וועלט פון "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", אין דעם קאַרנאַוואַל פאָלקס־שפּיל פון דער "כישופמאַכערין" און פאָלקסטימלעכן ליריזם און גראָטעסק אין "דאָס גרויסע געווינס". אין די אַלע אויפפירונגען, ווו גראַנאָווסקי האָט זיך אַרויסגעהויבן ווי אַ געניאַלער יידישער רעזשיסער. די ווירקונג פון שאַגאַל האָט מען געשפּירט אין די דערמאָנטע פאָרשטעלונגען, נישט געקוקט דערויף, וואָס די דעקאָראַציעס זענען געשאַפן פון די קינסטלער: ראָבערט פאַלק, נתן אַלטמאַן, יצחק ראַבינאָ־וויטש און ראַבישעוו.

מאַרק שאַגאַל האָט נישט אויפגעהערט צו זיין אין „גאָסעט" (מאָסקווער יידישער מלוכה־טעאַטער) אויך דעמאָלט ווען ער איז שוין לאַנג געווען אַ תושב אין אויסלאַנד. אָפט האָט מען דערמאָנט זיין נאָמען: נישט שטענדיק הויך, נישט שטענדיק אָפן. זיינע מאָלערישע, דעקאָראַטיווע טיילן זענען געהאָנגען אין דער פאָיע פון טעאַטער און צושויער פלעגן זיך לאַנג אָפשטעלן ביי זיי בעת די אַנטראַקטן. ביז, אויס פחד מען זאָל זיי נישט אַוועקנעמען און פאַרניכטן, אין די יאָרן פון קאַמף קעגן פאָרמאַליזם, האָט זיי מיכאָעלס גענומען צו זיך און פאַרהאָנגען ווי אַ היילקטום מיט אַ פּרוכת (ווי ער פלעגט זיך אויסדריקן).

מאַרק שאַגאַל איז פאַרבליבן אין דער משפחה פון יידישן (און נישט נאָר יידישן) שוישפּילער, שרייבער, מאָלער אין ראַטנפאַרבאַנד, אַן אייגענער, כאָטש זיין אַדרעס איז געווען פּאַריז. אין טעאַטער האָט מען די ליבע צו אים געשפּירט בעת יעדער דערמאָנונג. מען האָט מיט גרויס אינטערעס נאָכגעפאָלגט פון דער ווייט זיין שעפערישע טעטיקייט. דער מאָסקווער יידישער טעאַטער איז געווען שטאָלץ צו האָבן אין זיין געשיכטע דעם נאָמען מאַרק שאַגאַל, וועלכער איז געשטאַנען, צוזאַמען מיט גראַנאָווסקין, ביים עפענען דעם ערשטן פאָרהאַנג.

און ווידער וועלן מיר זיך אומקערן און דערמאָנען מאַרק שאַגאַל, דערציילנדיק וועגן די פאָרשטעלונגען פון מאָסקווער יידישן טעאַטער. ער איז פאַרבליבן אין אים ביז... דער פאָרהאַנג איז צום לעצטן מאָל געפאַלן.

דער שלום־עליכם־אָוונט, מיט וועלכן דער יידישער טעאַטער, האָט געעפנט זיין פאָרהאַנג, דעם 1־טן יאַנואַר 1921, האָט אויסגענומען ביים צושויער. מאָסקווער יידן האָט באַווירקט דער שלום־עליכם הומאָר, די מוזיק פון קאָמפּאָזיטאָר אחרון, דאָס שפּיל פון די יונגע אַקטיאָרן מיכאָעלס, זוסקין, ראָטבוים, שטיימאַן, גערטנער, ראָם.

מיטן אַריינקומען אינעם ניי־געעפנטן, קליינעם לאָקאַל, איז דער צושויער געפאַנגען געוואָרן פון דער אַטמאָספער, וואָס עס האָבן געשאַפן די וואַנט־מאַלערייען פון מאַרק שאַגאַל, זיי האָבן זיך איבערגערופן מיט דער שפּיל, מיט דער רעזשי פון גראַנאָווסקין און די געשטאַלטן אויף דער בינע.

דאָך, האָבן די ענגע ראַמען פון איינאַקטערס באַגרענעצט דעם רעזשיסער, באַשרענקט זיינע כוחות. גראַנאָווסקי האָט געטרוימט, אַרויסצוקומען מיט גרויסע פאָרשטעלונגען פון אַן אוניווערסאַלן פאַרמעסט, מיט אַ גרויסן אַנסאַמבל און נייע סצענישע לייזונגען און פאָרמען. שוין אין דער פּעטערבורגער סטודיע פּרוווט ער עקספּערימענטירן איבער קלאַסישע פּיעסן, ווי "די בלינדע" מעטערלינקס, "אוריאל אַקאָסטאַ" — גוצקאָווס און "גאָט פון נקמה" פון שלום אש. די דאָזיקע פּרוון האָבן זיך אָנגעשטויסן אויף האַלב־געשולטע שוישפּילער, עלעמענטאַרע בינע־איינריכטונגען און נישט געבראַכט אים דעם געווונטשענעם רעזולטאַט.

אין מאָסקווע, מיטן פאַרגרעסערן די צאָל שוישפּילער, נייער בינע, מלוכישער אונטערשטיצונג, זענען אַנטשטאַנען רעאַלע מעגלעכקייטן פאַר גרויסע אויפפי־רונגען. זיי הויבן אַרויס גראַנאָווסקין ווי איינעם פון די גרעסטע יידישע רעזשיסערן און אויסטייטשער פון אונדזער קלאַסישער ליטעראַטור.

"די כישופמאַכערין", עפנט די רשימה פון גראַנאָווסקיס וויכטיקע שאַפונגען (אין מאָסקווער טעאַטער איז די פאָרשטעלונג געגאַנגען אונטערן נאָמען "קאָל־דוניאַ"). דער פאָטער פון יידישן טעאַטער האָט אויפגעדעקט פאַרן מאָדערנעם

יידישן רעזשיסער אַן אוצר פון שפּיל, פון רייכע סצעניש סיטואַציעס, פון שפּרודלדיקן פאָלקקלאָר און האַנדלונג.

אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי האָט רעזשיסירט "די כישופמאַכערין" לויט גאָלדפאַדן. פאַר אים איז די פּיעסע געווען בלויז אַן אָנרייץ צו בויען די פאָרשטעלונג. ער האָט, נישט נאָר געקירצט און געביטן דעם טעקסט, נאָר איבערשטעלט דעם סדר פון דער האַנדלונג, צושרייבנדיק נייע סצענעס און לידלעך, כדי זיין אויפפירונג זאָל זיך איבערופן מיטן היינט, מיט היינטצייטיקע פּאָליטישע פראַגן. די פּיעסע פון גאָלדפאַדן איז געווען פאַרן רעזשיסער דער סצענאַר, אין וועלכן מען האָט באַדאַרפט אַריינברענגען אַ לעבעדיקן דיאַלאָג. די אויפגאַבע האָט אויף זיך גענומען יחזקאל דאָברושין, וואָס האָט אין דער פּיעסע אַריינגעשריבן אַ נייעם טעקסט.

גראַנאָווסקי האָט זיך באַנוצט מיטן סימבאָל "גאָלדפאַדן", כדי צו רעסטאַווירן די טראַדיציע פון דער יידישער פאָלקס־שפּיל און זי באַהעפטן מיטן אייראָפּעאישן טעאַטער. אַזוי איז גאָלדפאַדן געוואָרן דער אורקוואַל פאַר דער מאָדערנער יידישער טעאַטראַלישקייט.

ווינציקער פון אַלץ האָט דעם רעזשיסער אינטערעסירט דער סיוזשעט פון דער מעלאָדראַמע, אין וועלכער עס ווערט דערציילט, ווי די בייזע שטיפמאַמע באַסיע, מיט דער הילף פון דער כישופמאַכערין, פאַרשיקט איר מאַן אברהמ׳צע אין תפיסה און פאַרקויפט זיין טאָכטער מירעלע דעם טערקישן סולטאַן פאַר זיין האַרעם. גראַנאָווסקי האָט אין דעם איינגעזען בלויז די פּראָוואָקאַציע צום שפּיל.

ס׳איז אויסגעקומען, ווי די שפּילער פון דער פאָרשטעלונג, וואָלטן זיך געווענדעט צום צושויער בזה הלשון:

— מיר, אַקטיאָרן, באַציען זיך מיט איראָניע צו דער גאַנצער נאַאיווער געשיכטע מיט דער באָבע יאַכנע, האָצמאַך, מירעלע. מיר מיען זיך אפילו ניט, איבערלעבן די דאָזיקע פּאַסירונגען, נאָר שפּילן זיי אויס פאַר אייך. אונזער ציל: אַליין זיך פרייען און אייך, צושויער, ברענגען פרייד. דאָס אַלץ איז אַ פריילעכער שפּאַס און אָפּלייקנונג פון דאָס פאַרעלטערטע און אויסגעלעבטע. ווייל סיי איר, סיי מיר, האָבן זיך באַפרייט פון צאַרישן און נאַציאָנאַלן יאָך. אָט פאַרוואָס אונזער געוויין איז אַן אָנגעשטעלטער, געשפּילטער. מיר לאַכן צוזאַמען, באַהערשט פון

פריידיקן געפיל פונעם נייעם לעבן. מיר לאַכן איבער דאָס אַלטע, איבער דעם אַלטן יידישן טעאַטער. מיט אונזער יוגנטלעכן ברען, מיט אונזער שפיל און לידלעך, ווילן מיר שאַפן אייך אַ גוטן געמיט פאַרן ווייטערדיקן קאַמף.

בעת דער אַרבעט איבער דער פאָרשטעלונג איז געוואָרן קלאָר, אַז די באַשיידענע אויפגאַבע פון בלויז אויסלאַכן דעם אַלטן יידישן טעאַטער, איז איבערגעוואַקסן אירע ראַמען. ס׳איז אַרויסגעקומען אַ קאַרנאַוואַל־שפיל, ווו מען האָט אַרויסגעטראָגן אַ טויט־אורטייל דעם יידישן עבר און אַלץ וואָס ס׳איז מיט אים, מיטן עבר, פאַרבונדן. אַזוי, אַז נישט געקוקט אויף דער גלענצנדער פאָרם, געלונגענע איינפאַלן, גלענצנדער מיזאַנס, האָט די פאָרשטעלונג אַרויסגעשטעלט דאָס שלעכטע, דאָס נעגאַטיווע פון יידישן לעבן.

פון טעאַטראַלן שטאַנדפונקט איז גראַנאָווסקיס פאַרדינסט באַשטאַנען אין קאָנען אויפלעבן, דורך גאָלדפאַדן, די מאַסקעס פון יידישן פאָלקס־שפיל. דער צושויער האָט, ווי דורך אַ צויבער, באַקומען די אַנטפּלעקטע יידישע ״קאָמעדיע דעל אַרטע״, מיט אַ פאָטער אברהמ׳צע, דעם יידישן פאַנטאַלאָנע, מיט אַ האָצמאַך — אַרלעקין מיט דער יידישער מרשעת באַסיע און ״שרעקלעכן״ גזלן אליקום, מיט דער טראַדיציאָנעלער קאָרטנוואַרפערין, אָפּשפּרעכערין און פאַרשפּרעכערין — די יידישע כישופמאַכערין.

אין דער ערשטער גרויסער גראַנאָווסקי־פאָרשטעלונג הויבן אָן זייער גע־מיינזאַם־סצעניש וועג צוויי באַרימטע יידישע אַקטיאָרן, וואָס מאַכן דורך זייער שעפערישע ביאָגראַפיע, ווי, כמעט, שטענדיקע פאַרטנערן. עס איז אַ זעלטענע דערשיינונג, ניט נאָר אין יידישן טעאַטער, ווען אויף צוויי מענער־שוישפּילער ווערן געבויט די מערהייט פאָרשטעלונגען. אַזוי דערגאַנצן איינער דעם צווייטן, אָנהויבנדיק פון דער ״כישופמאַכערין״, ווו מיכאָעלס שפּילט האָצמאַך און זוסקין די באָבע יאַכנע (כישופמאַכערין). מיר וועלן זעןביידן אין ״דאָס גרויסע געווינס״, ״מסעות בנימין השלישי״, ״קעניג ליר״ א. אַנד. ביז דאָס לעבן וועט זיך טראַגיש איבעררייסן, פאַר ביידן.

שלמה מיכאָעלס און בנימין זוסקין זענען נישט געווען בלויז אויטאָמאַטישע אויספירער פונעם רעזשיסערישן געדאַנק, זיי האָבן אַריינגעבראַכט אין דער פאָר־שטעלונג אייגענע אויסטייטשונג און באַזינונג. נישט שטענדיק איז עס געווען גרינג אַריינצופּאַסן אין די שטרענגע פאָדערונגען פון גראַנאָווסקין. דאָס פאָלקס־

טימלעכע, דאָס עכטע, אמתדיקע אין זייער קונסט, האָט ווי אַדורכגעריסן די "אײַזנבעטאָנענע" גראָטעסק־באַוועגונגען און שניידנדיק־געמאָסטענע זשעסטן פון די געשטאַלטן.

מיכאָעלס האָט אין דער האָצמאַך־געשטאַלט דערפילט דעם ריטם פון יידישן פיגאַראָ.

האָצמאַך דאָ, האָצמאַך דאָרט,

האָצמאַך שטייט נישט אויף אַן אָרט.

האָצמאַך אַנטפלעקט זיך אין די סאַמע אויסטערלישע, פאַרשיידענע ערטער. אין האָצמאַכן, האָט מיכאָעלס, ווי אין פיגאַראָ, דערזען אַ מענטשן פון המון, פון עמך. האָצמאַך איז שטענדיק דאָרט, ווו ער איז נויטיק. ער שווימט פלוצים אַרויס אין סטאַמבול, אַראָפּנידערנדיק פון די הימלען.

אין אים איז פאַראַן דער ערשטער אָנדייט פון אַ "לופט־מענטש" פון אַ מנחם־מענדל אין דער יידישער ליטעראַטור. אַזוי האָט דערזען די געשטאַלט מיכאָעלס.

דאָס איז געווען אַ געלונגענער געדאַנק, וועלכער האָט די אַבסטראַקטע פיגור פון אַ יידישן אַרלעקין צוגעגעבן קאָנקרעטע לעבנס־שטריכן, אַרויסגענומענע פון דעם יידישן אַרום.

די געשטאַלט פון האָצמאַך, וואָס איז געווען אָנגעזאָפּט מיט יידישע מעלאָדיעס, האָט געהאָט פאַר מיכאָעלסן אַ באַזונדערן באַדייט. דורך האָצמאַכן, האָבן זיך אַרויסגעוויזן זיינע איינגעבוירענע מוזיקאַלישע פעאיקייטן, וועלכע ער קולטיווירט שפּעטער און אַנטוויקלט.

אין דער גאָלדפאַדן־פאָרשטעלונג האָט זיך, נאָך זיין קאָלאָמייער יידן, פון שלום־עליכמס "ס'אַליגן", באַוויזן דער טאַלאַנטפולער דריי־און־צוואַנציק־יעריקער בנימין זוסקין. אים איז אויסגעפאַלן צו שפּילן די באַרימט־געוואָרענע, ווי אויך, באַליבט־געוואָרענע פיגור, פון דער באָבע יאַכנע.

בנימין זוסקינען האָט אין דער באָבע יאַכנע אינטערעסירט מער די טעאַטראַ־



„די כישופמאַכערין”, 1־טער אַקט.

ליזירטע טראַדיציע פון דעם גאָלדפאַדן־טיפּ, אידער דער פּסיכאָלאָגיש־לעבע־דיקער כאַראַקטער.

דער אַקטיאָר איראָניזירט איבער זיין באָבע יאַכנע. דער דאָזיקער צוגאַנג, וואָס איז געווען נענטער צו דער פאַרטראַכטער מאַסקן־שפּיל, האָט זיך ביי אים אַרויסגעוויזן אין דער אַנטבלויזטער מימיק, ביים אַרויסשטעלן דער באָבע יאַכנעס פּרויען־חנדלעך און פּרויען־העפלעכקייט. שוין מיט דעם, וואָס די ראָל שפּילט אַ מאַנצביל, אויך לויט דער טראַדיציע, שאַפט די באַדינגלעכקייט פון דער גע־שטאַלט. אין דער כישופמאַכערין באַוויזט זוסקין אַ זעלטענע שפּיל אויף דער ווירטואָזיש־אויסגעאַרבעטער דעטאַל, וואָס דערגייט ביז גראָטעסקירן באַזונדערע זילבן פון ווערטער. ביים לייגן די קאָרטן זינגט ער אונטער מיט אַ מאָנאָטאָן־צעצויגן ניגונדל "אַ שווערערער ווייטיק פערעסט דיר די ברוסט", באַוויזנדיק מיט דעם דאָס גלייכגילטיקע און פאַרפירערישע אין דער דאָזיקער קאָרטן־וואַרפערין. אין זיין שפּאַנען איבער דער בינע, מיט מכשפיש־שוועבנדיקע טריט, ווי אַנדערע דעטאַלן, האָט זיך אויסגעדריקט דער אָנגעווענדעטער איראָניזירטער שוישפּילערישער צוגאַנג.

אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי האָט אויפגעפירט "די כישופמאַכערין" אין אַ צייט, ווען די קונסט־טעאָרעטיקער אויף דער יידישער גאַס האָבן אַראָפּגעשריען מיט לאָזונגען, וואָס האָבן געפאָדערט, געדראָט, דעמאַסקירט; "נידער מיט עמאָציעס, וועלכע זענען ניט אונטערגעוואָרפן דעם ראַציאָנעלן צוגאַנג פון פּאָליטישן געדאַנק!".

"נידער מיט דער עכטקייט פון אָפּגעבן זיך אין מאַכט פון מענטשלעכע איבערלעבונגען!"

— שפּילן, — האָט גערופן ליטוואַקאָוו — נאָר אַרויסברענגען באַציונג, און די דאָזיקע באַציאונג באַשטימט דער מאַרקסיסטישער קלאַסן־צוגאַנג, די אידעאָלאָגיע.

גראַנאָווסקי, וואָס האָט אין דער פּיעסע געזען בלויז דעם אָנרייץ צום שפּיל, האָט אַריינגעפלאָכטן אין דער פאָרשטעלונג עפּיזאָדן און פּלאַקאַטן, וואָס זענען געגאַנגען אין איינקלאַנג מיט די דאָזיקע פאָדערונגען.

באַגריסנדיק מיט באַגייסטערונג די פאָרשטעלונג, האָט משה ליטוואַקאָוו אויס־געטיילט איר ווערט מיט דעם, וואָס זי איז מקבר אַלע אָפּשניטן פונעם אַלטן און "אַלט־נייעם" יידישן לעבן.

— זיי קאָנען האָבן נאָר איין טרייסט: אַזאַ צויבערפולן הענקער (אַ קאָמפּלי־מענט דעם טעאַטער), אַזאַ פרײדיקן קברן איז נאָך קיינעם נישט באַשערט געווען — האָט געשפּאַסט ליטוואַקאָוו.

געזיכערט, אַז ס'איז מיט דער רעוואָלוציע געקומען די גאולה און באַפרייאונג פון אַלדאָס בייז, פאַר אונז יידן, אַז עס הויבט זיך אָן אַ ניי לעבן, אויף נייע יסודות, האָט מען דערוייל דעם גאַנצן ברען באַנוצט אויף צו באַגראָבן דאָס אַלטע.

שוין מיטן אַראָפּקומען אויף דער בינע, פון האָצמאַכן, מיטן נוסח פון "אקדמות"־ניגון, האָט מען אויסגעלאַכט און אַראָפּגעריסן דעם פּרומאַקיש־רעליגיעזן סעקטאָר.

"אַ גוטן מאָרגן, ברידער,
האָצמאַך איז דאָ ווידער!
האָצמאַך קומט אַהער אַריין
אַ בת־ישראל מציל זיין!
האָצמאַך דאָ, האָצמאַך דאָרט,
האָצמאַך שטייט ניט אַף איין אָרט —
האָצמאַך וויל פאַרדינען.

זיין אַראָפּקומען פון די הויכן אין דער סטאַמבולער קאַפּע, מיט זיין סחורות־צעטל, האָט דערמאָנט אָן שאַגאַלס בילד, מיטן פליענדיקן ייד איבער וויטעבסק.

אינעם דריטן בילד פון דער פאָרשטעלונג, וואָס שטעלט פאָר דעם שטעטלשן מאַרק, איז אַריינגעפירט געוואָרן די באַקאַנטע סצענע פון דער לוויה פאַרן אַלטן יידישן טעאַטער. צום עולם האָבן זיך געטראָגן פריידיקע און הילכיקע אויסרופן:

צדקה תציל ממות!
געשטאָרבן? ווער?
דער אַלטער יידישער טעאַטער!
ברוך דיין אמת (מיטן ספרדישן נוסח, אויסלאַכנדיק די "הבימה").
— קיינמאָל — רופט אויס ליטוואַקאָוו — האָט מען נאָך מיט אַזאַ האַרציקער פרייד ניט באַגריסט דעם פאַקט פון אַ לוויה.



אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי בעת אַ פּראָבע.

געענדיקט מיטן טעאַטער, האָט מען זיך גענומען פאַר דעם "מיר יידן" שטייגער, ברענגען צו שפּאָט די יידישע טראַדיציע, רעליגיע, נאַציאָנאַלע און וועלטלעכע יידישקייט. מען האָט געלאַכט, פון אַלץ און פון אַלעמען, אָן רחמנות, אָן סענטימענט.

אין דעם בילד פון כישוף, גייט אַריין די באָבע יאַכנע אין אַזאַ עקסטאַז, אַז זי רייסט אַראָפּ האַצמאַכן אַ פּיאה. אומגליקלעך, וואָס ער איז איצט אַ ייד מיט איין פּיאה, צינדט אָן האָצמאַך אַ ליכט, פאַלט אויף דער ערד און באַקלאָגט זיין ביטערע לאַגע מיט אַן "איכה" ניגון:

— מיין אָרעמע פּיאה — איז געוואָרן אַן אלמנה.

דער גאַנצער ריטואַל פון כישופן, האָט דער רעזשיסער געבויט אויף די מאָטיוון פון "כל נדרי", דורכגעפלאָכטן מיט דער מעלאָדיע פון פּראַוואָסלאַוונעם "האָספּאָדי פּאָמילוי". דאָס האָט שוין באַדאַרפט זיין די אַפּלייקענונג פון יעדער רעליגיע. אויך דעם "תקיעה שברים", ברענגט אַרויס דער "גזלן" אליקום אין דער צייט פון כישוף.

צו דעם אַלעם האָט מען ניט פאַרגעסן אָן די נעפּלייט און שפּעקולאַנטן און אַריינגעפירט אַ סצענע, אין וועלכער די לעצטע "ווערן דעמאַסקירט", באַגלייט פון דעם איבעראַנדערשטן פאָלקס־לידל:

"האָט אַ ייד גענומען האַנדלען —<br>ניט מיט ראָזשינקעס און ניט מיט מאַנדלען".

די אַלע סצענעס און עפּיזאָדן זיינען געשפּילט געוואָרן מיט אַ פאַרכאַפּנדיקן טעמפּעראַמענט און ריטם. עס איז געווען אין זיי די פרייד פון אַ גאַסן־קאַרנאַוואַל אין אַ זוניקן, זאָרגלאָזן טאָג.

פאַר די דורכן שטורעם פון אָקטאָבער־רעוואָלוציע אָפּגעפרישטע אַקטיאָרן, האָט זיך די שטעטלשע פאַרגאַנגענהייט פאַרגעשטעלט ווי אַ קאָשמאַר, ווי אַ שרעקלעכער חלום. וויזנדיק דורכן גראָטעסק זיין באַציאונג צום דאָזיקן פינצטערן פעריאָד פון דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, האָט דער טעאַטער אויסגעמיטן דאָס פאָלק גופא — ווער שפּעטער דערציילן מיכאָעלס.

נישט אַלע צושויער האָבן געטיילט די דאָזיקע פרייד. איניקע האָבן אָפּן אַרויסגעבראַכט זייער פּראָטעסט, קעגן אָט דעם פאַרבלענדענטן געלעכטער און שפּאָט. זיי האָט באַליידיקט דאָס איזדעקעווען זיך, די אָפּלייקענונג פון אַלדאָס הייליקע אין לעבן פון יידישן עבר און היינט. טייל באַזוכער האָבן זיך געפילט געטראָפן פון דעם בייסיקן חוזק קעגן דעם יידישן עבר, פון דער סצענישער פרייד אין דער לוויה איבערן נעכטן.

דער ברייטער יידישער עולם איז געווען דערשטוינט פון דער נייער סצענישער פאָרם און נישט פאַרשטאַנען, ווי עס אויפצונעמען. ס'איז געווען אַ צו־דרייסטער, נישט צוגעגרייטער איינרייס פון דעם נאַאיוו־נאַטוראַליסטישן נוסח אינעם אַלטן טעאַטער, ביז צום דינאַמישן עקספּרעסיאָניזם אין דעם נייעם.

מיט דער "כישופמאַכערין" האָט אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי אַנטפּלעקט דאָס נאָוואַטאָרישע אין זיין קונסט, וואָס איז באַשטאַנען אין קאָנען אונטערוואַרפן אַלע סצענישע מיטלען דעם צוגעטראַכטן געדאַנק. ער האָט זיך באַוויזן ווי אַ מייסטער פון בויען מאַסן־סצענעס און קאָנען פאַרבינדן וואָרט מיט באַוועגונג, מוזיק מיט טאַנץ און ליכט.

דער גראָטעסק־סטיל האָט אין דער פאָרשטעלונג געיובלט זיין פולן זיג. דער גאַנצער שטח פון דער בינע איז געווען פאַרפילט מיט שפּיל. די וויכטיקסטע באַדייטונג באַקומען די מאַסן־סצענעס. דעריבער פולער אָפּזאָג פון אינטעריער און באַשטעטיקונג פון עקסטעריער, ווו די שפּיל ווערט געבויט לויטן פּרינציפּ פון דעם אַלטן גריכישן טעאַטער, מיט דעם קאָריפיי (פּאָר וועמען עס טרעט אויף האָצמאַך, וועלכער איז דער סאָליסט) און דער כאָר איז די איבעריקע מאַסע, וואָס האַלט אים אונטער אין זיינע לידלעך און אַרויסזאָגונגען.

דער באַדייט פון דער "כישופמאַכערין" פאַרן גאַנצן אַנסאַמבל איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין איר האָט זיך אַנטבלויזט און צעשפּילט די קאָמעדיאַנטישע סטיכיע פון די אַקטיאָרן.

דאָס נייע, וואָס דער רעזשיסער האָט צום ערשטן מאָל אַזוי בולט באַוויזן, באַקומט אַ תיקון און אַנטוויקלונג אין זיינע ווייטערע פאָרשטעלונגען און איבער־הויפּט אין זיין קרוין־אויפפירונג פון "מסעות בנימין השלישי" פון מענדעלע מוכר ספרים.

אין דער פאָרשטעלונג איז דער טעאַטער אַרויס מיט אַ פעסט־געבויטן אַנסאַמבל. אַ חוץ מיכאָעלס, זוסקין, האָבן זיך באַוויזן נייע פנימער, יונגע, טאַלאַנט־פולע אַקטיאָרן און אַקטריסעס, וואָס האָבן זיך גוט אַריינגעפּאַסט אין זייערע ראָלן און עפּיזאָד־געשטאַלטן. ס׳איז געווען קלאָר, אַז מיט דעם יונגן שעפערישן קאָלעקטיוו שטייט פאַר דעם יידישן טעאַטער אַ גרויסע צוקונפט. ער איז געוואָרן דער ערשטער מאָדערנער טעאַטער ביי יידן, וועמען ס׳איז אויסגעפאַלן שפּעטער צו פאַרנעמען אַ וויכטיקן, אויב ניט דעם וויכטיקסטן אָרט, אינעם קולטור־לעבן פון סאָוויעטישן יידנטום.

אויפן שעפערישן וועג פון מאָסקווער יידישן טעאַטער פאַרנעמט "דאָס גרויסע געווינס" *) לויט שלום־עליכם, נישט קיין קלענערן פּלאַץ ווי די "כישופמאַכערין" לויט גאָלדפאַדן.

אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי האָט, אמת, אַ סך פון זיינע סצענישע איינפאַלן און מיטלען איבערגעטראָגן אין זיין צווייטער גרויסער פאָרשטעלונג, ווו עס ווערט אויך אונטערגעשטראָכן דאָס קאָמעדיאַנטישע אין דער שפּיל, עס רעגט דער זעלבער דינאַמיזם פון די מאַסן־סצענעס, אויך דאָ ווערן די מערהייט ביל־דער געבויט לויטן פּרינציפּ פון כאָר (מאַסע) און קאָריפיי (פּאָר וועמען עס טרעט אַרויס שימעלע סאָראָקער), די מיזאַנס ווערט אינעם "גרויסן געווינס", ווי אין דער "כישופמאַכערין" אַרויסגעשטעלט אויפן עקסטעריער, מיר האָבן דאָ דעם זעלביקן צוגאַנג צום טעקסט, וואָס ווערט ווידער באַטראַכט ווי אַ סצענאַר, אין וועלכן עס ווערן אַריינגעשריבן נייע פּראָזן, סצענעס, לידלעך און גלייכווערטלעך, כדי צו אַקטואַליזירן די גאַנצע האַנדלונג.

און דאָך האָבן מיר אינעם "גרויסן געווינס" עפּעס, וואָס אונטערשיידט די פאָרשטעלונג פון דער "כישופמאַכערין".

דאָס עיקרדיקע און נייע, וואָס מיר דערזעען אין דער שלום עליכם־אויפ־פירונג, איז דער סאָציאַלער פּאַטאָס, די פאַרשאַרפונג פון די סאָציאַלע קאָנ־פליקטן, דער אָפּזאָג פון אַלגעמיינער לייזונג און צוגאַנג צו פאַרשיידענע סאָציאַלע גרופּן און כאַראַקטערן אין דער פאָרשטעלונג. דער דאָזיקער נייער צוגאַנג צווינגט אָפּט דעם רעזשיסער, ווי די מיט־מחברים, צו געבן זייער אייגענע אויס־טייטשונג פון געשעענישן, טיפּן און דער גאַנצער האַנדלונג.

---

*) אין מאָסקווער יידישן טעאַטער האָט די פאָרשטעלונג געטראָגן דעם נאָמען „200.000".

אזוי, צום ביישפיל, באַוויזט שלום־עליכם דעם נעכטיקן אָרעמען שניידער און פלוצים־אויפגעקומענעם גביר סאָראָקער ווי אַ גרויסן בעל־נדבן, מיט אַ גוט און אַפּרופּנדיק האַרץ. אין מאָסקווער טעאַטער האָט מען גאָר אַנדערש פאַרגע־שטעלט די סצענע:

ווען עס דערגייט, אַז שימעלע סאָראָקער האָט געוווּנען דעם לאָטעריי־בילעט אויף צוויי הונדערט טויזנט, הערט מען ווי דער כאָר (די מאַסע) רופט זיך איבער:

"מען זאָגט, און מען זאָגט, און מען זאָגט, אַז שימעלע איז געוואָרן אַ גביר".

פלוצים ווערט דער איבערגערוף איבערגעריסן פון דעם שניידער־געזעל מאָטל, וועלכער שרייט אויס זיין רעפּליק:

"שימעלע סאָראָקער אַ שאָד, — עס וועט צוקומען אַ חזיר אין שטאָט!".

אויב אין דער "כישופמאַכערין" האָבן מיר געהאַט פאַר זיך דעם רייץ פון פאָלק אין שפּיל, די יידישע קאָמעדיע דעל אַרטע, אין דער אַלגעמיינער פרייד פון אויסלאַכן און אויסשפּאָטן אַלץ און אַלעמען, פּרווט דער טעאַטער אין "גרויסן געווינס" אַרויסברענגען דאָס פאָלק אין זיין אינערלעכן סאָציאַלן קאַמף. מיר האָבן שוין דאָ פונאַנדערגעטיילטע וועלטן פון גבירים און "עמך", מיט באַזונדערע ליידן און פריידן, אינטערעסן און קאָנפליקטן. דעם הומאָר פון שלום־עליכם האָט מען איבערלאָזט בלויז פאַר "עמך", דאַן ווען די גבירישע סביבה האָט מען "גיליאָטינירט", ווי עס דריקט זיך אויס ליטוואַקאָוו, מיטן שאַרף פון בייזער סאַטירע.

פאַר די באַזונדער סתירותדיקע גרופּן האָט אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי באַ־נוצט קאָנטראַסט־אַרטיקע אויסדרוקס־מיטלען פון שפּיל, ריטמען און טעמפּאָס. ווי שוין דערמאָנט, זאָגט זיך אָפּ דער רעזשיסער פון איינהייטלעכקייט אין דער שפּיל, נאָר דיפערענצירט זי: מיר האָבן דאָ אַ שפּיל פון "עמך" און אַ שפּיל פון גבירים. זיי פלעכטן זיך איבער אין דער פאַרשטעלונג אין אַן אומאויפהער־לעכן קאַמף.

צוטיילנדיק דעם שלום־עליכם־הומאָר דער "עמך"־גרופּע, האָט גראַנאָווסקי געוואָלט פאַרבינדן מיט זיי דעם אָפּטימיזם און גלויבן אינעם מאָרגנדיקן טאָג און באַזינגען די ליכטיקע פרייד פון אַרבעט.

שוין ביי דער ערשטער עפענונג פונעם פאַרהאַנג איז געוואָרן דער צו־שויער באַצויבערט פון דער אַרבעטס־פרייד: די זשעסטן, די באַוועגונגען, די טאַנצנדיקע איבערגענג, די מוזיק, דאָס געזאַנג, אַלץ איז געווען אַדורכגעדרונגען מיט אַ דערהויבענעם עקסטאַז פון אַרבעט, פון שאַפן. די פריידן און ליידן אויף דער בינע זענען אַרויסגעדרונגען פון דער דאָזיקער אַרבעט און מי.

ווען מאָטל און ביילקע האָבן אויסגעשפּילט זייער ליבע מיט יוגנטלעכן ברען פון גאַסן־אַרלעקינען, דורך טענץ אונטער דער מוזיק פון אַ שפּיל־קעסטל, מיטן פאָלקסטימלעכן דיאַלאָג:

״ביי מיין לעבן איך שווער (ביילקע).
״און איך ביי מיין אייזן און שער״ (מאָטל).

האָט אַרויסגעשטראַלט פון דער סצענע די פרייד פון יוגנטלעכן אָפּטימיזם און גלויבן.

פול מיט ליכט און שפּרודלדיק לעבן איז געווען אָנגעפּילט דער פינאַל פון פערטן אַקט, ווען שימעלע סאַראָקער קערט זיך צוריק צו זיין ״עמך״־סביבה, נאָכן פאַרלירן פון די ״צוויי הונדערט טויזנט״, וואָס האָבן אים אָפּגעריסן פון זיינע וואַרשטאַט־ברידער. גליקלעך מיט זייער שימעלען לאָזט זיך ״עמך״ אין אַ טעמפּעראַמענטפולן עקספּרעסיאָניסטישן מאַסן־טאַנץ, מיט זשעסטן און באַוועגונגען, וואָס האָבן מיטגעריסן דעם צושויער און אים אַריינגעצויגן אין דער אַטמאָספער פון טאַנץ, געזאַנג און שפּיל.

און ווי אַ קאָנטראַסט צו דער ״עמך״־פרייד, האָט דער רעזשיסער אַרויסגע־שטעלט אַ פאַרגליווערטע וועלט פון מאַנעקינעס, פון באַוועגנדיקע ראָבאָטן, וואָס זענען מסוגל צו ריין־מעכאַנישע באַוועגונגען דורך דעם צויבער־וואָרט ״צוויי הונדערט טויזנט!״ — דאָס איז די וועלט פון דער אויפקומענדיקער בורזשואַזיע, וואָס אַלע זייערע אינטערעסן דריקן זיי אויס אין באַזונדערע אָפּגעריסענע פראַזן, ווי:

— ״אויב אַן עליה — איז אין שול ביי מיר״
— ״און אויב קרעדיט — בין איך באַנקיר״
— ״גאָט האָט געוואָלט, האָט ער געגעבן — מיט מזל״.

אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי האָט נישט געקאַרגט קיין טעאַטראַלע מיטלען פון בייסיקער סאַטירע, ביים פאַרשטעלן די וועלט פון די פיינערס.

אונטער אַ קאַלאַנאַדע פון צוויי גבירים — אַן אַלטן און אַ ניי־אויפגעקומע־נעם, גייט דורך, זיך בוקנדיק, אַ ריי גבירים־מאַריאָנעטן, און איבער דער "קאָ־לאַנאַדע" פאָכעט אַ בעזעם פון אַ גאַסן־קערער — אַ בעזעם, ווי אַ סאַטירישע "קרוין" ביים אויפגאַנג און ווי אַ סימבאָל פונעם קומענדיקן פינאַל...

אַזאַ איז געווען דער ערשטער אויפטריט פון דער גבירישער וועלט אין דער פאָרשטעלונג.

אין אַ גוט־טעאַטראַליזירטער פאָרם האָט דער רעזשיסער געבויט די צווייטע גבירישע סצענע — דעם באַל ביי די פיינערס מיטן פּראָגראַם־הימן:

"מען דאַרף נישט זיין שיין, מען דאַרף נישט זיין פיין, מען דאַרף נישט זיין קלוג — מען דאַרף נאָר האָבן גליק".

אין דער צייט, ווען די "עמך"־וועלט האָט געברויזט און געשטורעמט מיט לעבן, מיט ליכט, מיט ליבע און פרייד אונטער דער באַגלייטונג פון "איזן און שער" און גאַסן־מוזיק פון שפּיל־קעסטל, זענען אין די גבירישע סצענעס געזעסן "געערטע דאַמען" און האָבן לאַנגווייליק און מאָנאָטאָן געזיפצט און איבערגע־רעדט איין און די זעלבע פראַזן, ווי "ליובאָוו איז דאָך ליובאָוו" א. א. וו.

ווען ביים מאַטן שיין פון לייכטערס האָבן זיך געשטויסן צום "טיש" אָפּגע־לעבטע פיגורן פון די פיינערס, ביי סענטימענטאַלע טענער פון דער מוזיק, וואָס עס שפּילן אַפּאַטיש די קלעזמער, האָט עס געמאַכט דעם איינדרוק, באַשטעטיקט ליטוואַקאָוו, ווי אַן "אל מלא רחמים" אויף אַ לוויה.

***

אין דעם "גרויסן געווינס" קענען מיר פעסטשטעלן אַ העכערע מדרגה פון אַקטיאָרן־שפּיל. דאָס געהערט נישט נאָר צו די הויפּט־ראַליסטן, ווי מיכאָעלס, זוסקין, ראָטבוים, נאָר מיר דערקענען נייע טאַלאַנטירטע יוגנט און צווישן זיי: גערטנער, גאָלדבלאַט, קרעטשמער, ניי, ראַגאַלער, כאַזאַק א. אַנד.

די גאַנצע קריטיק איז פול מיט שבחים פאַר דער שפּיל פון מיכאָעלס אין שימעלע סאָראָקער.

מיכאָעלס האָט אויפגענומען שימעלען, לויט זיין גאַנץ וועזן, ווי אַן "עמך", — אַ מענטש פון פאָלק, פון וואַרשטאַט.

שימעלע סאָראָקער איז פאַר מיכאָעלסן געווען אַ רעאַלער און גוט־באַ־קאַנטער טיפּ פון אַ יידישן בעל־מלאכה, וואָס פאַרמאָגט זיין אייגענעם שניידע־רישן "מאָדע־וואַרשטאַט". אָבער דאָס האָט נישט אָוועקגענומען און נישט אויס־געשלאָסן דאָס פאַנטאַסטישע, וואָס סיי דער רעזשיסער און סיי דער שוישפּילער האָבן דערזען אין דער גאַנצער פאָרשטעלונג און באַזונדערס אין דער געשטאַלט פון שימעלע סאָראָקער.

דער שוין דאַן באַרימט־געוואָרענער יידישער אַקטיאָר שלמה מיכאָעלס האָט אויפגענומען זיין שימעלען דורך דער פּריזמע פון אַמאַדעאָ האָפמאַנס פאַנטאַסטיק. וועגן דעם האָט מיכאָעלס אָפט גערעדט. ער האָט דערזען אין דער געשיכטע מיטן געווינען די צוויי הונדערט טויזנט, ווי אין דעם אַזוי אומדערוואַרטן ווידער־פאַרלירן, ווי אין דעם אומקער פון סאָראָקערן צו זיין אָרעמער סביבה, די אויס־טייטשונג אין סאָראָקערס ווערטער: "אָט וועט איר באַלד הערן, וואָס פאַר אַ חלום עס האָט זיך מיר געחלומט".

דאָס אַלץ איז אָדער אַ חלום, אָדער אַ שפּאַס פון אַ וועלכן נישט איז לץ. פון דאַנען דרינגט אַרויס דער ווילן פון מיכאָעלסן צו דערהייבן זיין סאָראָקערן איבערן שטייגער, דאָס שטרעבן צו ראָמאַנטיזירן די געשטאַלט.

די פאַנטאַסטישע אומוואַנדלונג פון שימעלען אין אַ גביר, און דאָס ווידער פאַרוואַנדלט ווערן אין אַן אָרעמאַן, האָבן געגעבן דעם אַקטיאָר די מעגלעכקייט טיפער און שאַרפער, ווי אונטער אַ פאַרגרעסער־גלאָז, צו דערזען זיין פּערסאָנאַזש.

דער רייך־געוואָרענער סאָראָקער איז גוט אָנגעטאָן, עסט צו דער זאַט, אַרבעט נישט, ווערט אָנגענומען אין דער "העכערער געזעלשאַפט", באַלד וועט ער אַריינטרעטן אין קרובהשאַפט מיטן סאַמען אשר פיין — דעם הויז־בעל־הבית און סוחר פון דער ערשטער גילדע. אָבער דאָס גליק געדויערט נישט לאַנג: דעם לעבנס־לוסטיקן, פריילעכן שניידער שימעלע סאָראָקער ווערט לאַנגווייליק אין דער געזעלשאַפט פון אָנגעבלאָזענע, פאַריסענע גבירים.

געוווינט זיין גאַנץ לעבן צו אַרבעטן, מאַטערט ער זיך פון גאָרנישט טאָן. עס איז אים ענג אין פאַרקנעפּלטן אויף אַלע קנעפּ גבירישן סורדוט. און ווען די פלינקע מאַכערס פון דער פילם־קאָמפּאַניע נאַרן אויס ביי אים דאָס געלט, קערט זיך צוריק שימעלע, אָן פּאַרדרוס, צו זיין פריערדיק הונגעריק און אָרעם לעבן, וואָס איז אָבער פריי און פול מיט אַרבעטס־פרייד.

אַזוי האָט מיכאָעלס דערזען דעם צוריקקער פון שימעלען צו זיין סביבה. אַזוי האָט ער די סצענע אויסגעשפּילט, אונטערשטרייכנדיק אין דער געשטאַלט דאָס לירישע און באַרייכערנדיק זיין העלד מיט געלונגענע דעטאַלן.

דאָס נייע אין דער פאָרשטעלונג איז געווען דאָס באַדינגלעכע אינעם שפּיל מיט קעגנשטאַנדן, וואָס האָבן רעאַל נישט עקזיסטירט אויף דער בינע, נאָר וועלכע זענען אַרומגעשפּילט געוואָרן, ווי זיי וואָלטן באמת עקזיסטירט.

אַזוי זיצט מיכאָעלס־סאָראָקער אויפן טיש אין זיין וואַרשטאַט און נייט אַן אַנצוג. דער אַקטיאָר האָט דעם גאַנצן פּראָצעס פון נייען געשפּילט "באַדינגלעך". דער פאַרגעשטעלטער אַנצוג, וואָס ליגט כלומרשט אויף זיינע קני, ווערט גענייט מיט אַ כלומרשטער נאָדל. די דאָזיקע שפּיל האָט מיכאָעלס אַרויסגעבראַכט מיט אַזאַ נאַטירלעכקייט, אַזוי גענוי איבערגעגעבן די פּראָפעסיאָנעלע געוווינהייטן און באַוועגונגען פון אַ שניידער, מיט אַזעלכע שטייגער־דעטאַלן, אַז דעם צושויער האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט אין זיין האַנט דעם שטאָף, די נאָדל און פאָדעם. מיכאָעלס־סאָראָקער האָט פון צייט צו צייט אויסגעדרייט דעם נישט־עקזיסטירנדיקן אַנצוג, האָט געצויגן מיטן מויל דעם פאָדעם און פאַרקניפּט קניפּלעך, האָט געמאָסטן און געשניטן דעם פאָרגעשטעלטן שטאָף. אַזוי האָט ער געלעבט און געהאַנדלט אויף דער בינע, פּונקט ווי ער וואָלט געהאַט צו טאָן מיט רעאַלע חפצים.

מיכאָעלס האָט גענוי אויסגעשפּילט דאָס קאָמעדיאַנטישע און טעאַטראַלע פון גראַנאָווסקיס פאַרטראַכטן געדאַנק און האָט עס אַרויסגעבראַכט אין זיין שימעלען, באַזונדערס אַקצענטירנדיק דאָס קאָנטראַסט־אַרטיקע אין די סיטואַציעס און ריטמען, אויף וועלכע ער האָט געבויט די ראָל.

ס'איז גענוג דאָס צו אילוסטרירן מיט אייניקע סצענעס:

אין ערשטן אַקט טראָגט זיך דער אָרעמער, נאָר פריילעכער, סאַראַקער, ווי אַ וויכער איבער זיין וואַרשטאַט. פּלוצים, ווען עס דערגייט צו אים דער אָנזאָג וועגן גרויסן געווינס, ווערט ער פאַרוואַנדלט אין אַן אָנגעבלאָזן מענטשעלע מיט אַ פּאַריסענער נאָז, וואָס נעמט־אָן די שטעלונג פון נאַפּאָלעאָן.

דעם דאָזיקן אונטערגעשטראָכענעם קאָנטראַסט פון ריטמען האָבן מיר אויך געזען אין דער סצענע, ווען מיכאָעלס־סאַראַקער (דריטער אַקט) שטאַט אָפּ אַ "וויזיט" זיין צוקונפטיקן מחותן, דעם גביר אשר פיין.

שימעלע, וועלכער איז שוין איצט סעמיאָן מאַקאַראָוויטש, באַוועגט זיך, אין דער סצענע, געלאַסן, סאָליד, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אויפגעקומענעם נגיד. פּלוצים, בעת ער דערוווסט זיך, אַז די קינאָמאַטאָגראַף־לייט האָבן אויסגענאַרט פון אים דאָס געלט און דערצו אַז די טאָכטער איז אַנטלאָפן מיט זיין געזעל, לויפט ער — ווי אַ ייִנגלינג וואָס שפּילט אין פערדלעך — פון דער גבירישער סעודה.

די קריטיק, ווי דער צושויער, האָבן אויפגענומען מיכאָעלסן אין שימעלע סאַראַקער מיט באַגייסטערונג. ער איז געוואָרן זייער פּאָפּולער צווישן מאָסקווער אַקטיאָרן, וועלכע זענען געקומען אָנקוקן זיין שפּיל אין "גרויסן געווינס" און זיך לערנען.

צוגלייך מיטן שפּיל פון מיכאָעלסן בין איך געווען באַגייסטערט פון זוס־קינען אין דער געשטאַלט פון שדכן סאָלאָווייטשיק.

"200.000" איז געווען איינע פון מיינע ערשטע פאָרשטעלונגען, וואָס איך האָב געזען אין מאָסקווער "גאָסעט".

נאָך דער פאָרשטעלונג בין איך אַרויף צו זוסקינען. ער איז נאָך געווען אין גרים און קאָסטיום פון סאָלאָווייטשיק. זיין שטערן איז געווען באַדעקט מיט שווייס־טראָפּנס. ער האָט שווער געאָטעמט. דער קאָלנער איז געווען פונאַנ־דערגעשפּילעט. דורך דעם אָפענעם פענצטער האָט אַריינגעשטראָמט פרישע לופט.

ער האָט מיך אויפגענומען מיט אַ שמייכל. אין זיינע אויגן האָב איך אַרויס־געלייענט די פראַגע:

— נו, וואָסטו זאָגן? ווי געפעלט דיר דער פליענדער און קוועקזילבער־באַוועגנדיקער שדכן.

דער רואיקער און באַשיידענער שמייכל פון זוסקינען דעם מענטש איז געווען אין פולער סתירה מיט דעם וואָס כ׳האָב נאָר־וואָר געזען אויף דער בינע.

מיטן אַראָפּלאָזן זיך מיט זיין פּאַראַשוט אויף דער בינע, אַזוי אומדערוואַרט ווי אַן אַראָפּגעפאַלענער פון הימל (באַווירקט פון דער שאַגאַל־אויפפאַסונג פונעם יידישן לופט־מענטש), איז סאָלאָווייטשיק־זוסקין געווען אין אומאויפהערלעכער באַוועגונג. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ער שטייט נישט אויף דער ערד, נאָר איז איבער איר, זיינע פיס האָבן ווי ספּיראַלן זיך געהוידעט און אונטערגע־שפּרונגען. ער איז געווען גרייט יעדע מינוט צו לויפן, פליען, באַדינען, צונויפ־פירן אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, אונטערזינגען, נאָכזאָגן, פאַרלויפן, עפענען טירן, בייגן זיך אין דרייען פאַר זיינע בעלי־בתים. ער האָט נישט פאַרמאָגט זיין איי־גענעם אויסדרוק, זיינע אייגענע געפילן, נאָר אָנגענומען דעם אויסדרוק, גע־שפּילט דעם לץ, וועלכן ס׳האָט געפאָדערט דער אַרום.

אין דעם איז געווען דאָס טראַגי־קאָמישע פון זיין סאָלאָווייטשיק־שדכן, וואָס אין תוך איז ער געווען אַן אומגליקלעכער, פאַריאָגטער און פאַרהאַוועטער: ער האָט אַלעמען געשטערט. ער פלעגט ווערן אָפּגעשטופּט אָן אַ זייט, אָבער ער האָט עס געמוזט אָננעמען פאַר גוט. ער האָט שוין נישט געפילט די באַליידיקונג, ווייל ער האָט פאַרלוירן דאָס מענטשלעכע, די ווירדע פון מענטשלעכן שטאַלץ.

בנימין זוסקין האָט די עפּיזאָדישע פיגור פון סאָלאָווייטשיק־שדכן פאַר־וואַנדלט אין אַ צענטראַלן פּערסאָנאַזש אין דער פאָרשטעלונג, וואָס האָט צוזאַמען מיט מיכאָעלסן געשאַפן אַ קרעאַציע. זוסקין איז געווען אַ פילפאַרביקע פיגור פון אַ גרויסער פאַראַלגעמיינערונג.

די אויפפירונג „דאָס גרויסע געווינס" האָט דער טעאַטער פאַרהיט לאַנגע יאָרן אין זיין רעפּערטואַר. דאָס איז געווען אַ פאָרשטעלונג, וואָס פיל מאָסקווער, קיעווער, לענינגראַדער יידן האָבן געזען עטלעכע מאָל, האָבן נאָכגעזונגען די לידלעך, גענוצט פיל גלייכווערטלעך און גאַנצע אויסדרוקן.



„קעניג ליר" — וו. שעקספּיר.
זוסקין אין ראָל פון לץ.

דאָס איז געווען אַן אויפפירונג, וואָס האָט פאַרמאָגט הומאָר, שפיל, מוזיק און טאַנץ, און איז דערפאַר אויך געווען צוגענגלעך פאַרן נישט־יידישן צושויער, וועלכער האָט אַ סך פאַרשטאַנען פון דער שפיל.

"דאָס גרויסע געווינס" האָט ווידער אַרויסגעהויבן גראַנאָווסקין ווי אַ מייס־טער פון אַ ליכטיק־אָפּטימיסטישער אויפפירונג.

אין 1925 פירט גראַנאָווסקי אויף י. ל. פּרצעס דראַמע "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

דאָס קענען מאַכן סצענע־פּעאיק פּרצעס שטומע דראַמע, וואָס איז באַזירט נישט אויף רעאַלע פּערסאָנאַזשן און געשעענישן, רעאַלע דיאַלאָגן און האַנדלונג, נאָר אויף אויסגעשפּראָכענער אַבסטראַקציע און סימבאָליק — איז ניט געווען קיין לייכטע אויפגאַבע פאַר אַ רעזשיסער. די הויפּט־שוועריקייט איז געווען צו געפינען דעם געהעריקן סצענישן סטיל און פאָרם פאַר די סימבאָלן, רמזים און ניט־דערזאָגטקייטן אין דער דראַמע, בפרט וואָס פּרץ איז דורכאויס יידיש...

ווען מען האָט פּרצן אָנגעוויזן אויף דעם געפּלאָנטער און פאַרשלייערטקייט אין דער דאָזיקער דראַמע, האָט ער געענטפערט, אַז — "דאָס איז יידישער סטיל, יידישער סטיל איז רמז, ודו"ק, קבלה א.א.וו. דאָס איז דער ריינסטער און עכטסטער יידישער סטיל. נאָר אין ווייבערישן טייטש־חומש איז דאָ אָפנקייט, באַרעדעוודיקייט און מענה־לשונדיקייט. אין אַלע יידישע ספרים איז דער קיצור, דער צימצום, דער רמז, דער ודו"ק, דער אמתער סטיל".

אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי האָט לאַנג און שווער געזוכט די פּאַסיקע פאָרם פאַר דער פּרץ־דראַמע. בנימין זוסקין דערציילט, אַז די רעפּעטיציעס האָבן געדויערט צען חדשים און אַז עס זענען דורכגעפירט געוואָרן איבער צוויי הונ־דערט פּופציק פּראָבעס.

גראַנאָווסקי האָט אויפגענומען פּרצעס פּיעסע ווי אַ נישט־פאַרענדיקט דראַמאַטיש ווערק, ווי אַ סצענאַריום צו אַ פאַרשטעלונג. גראַנאָווסקין, ווי אַ רעזשיסער, האָט געריצט די אויסגעחלומטע באַדינגלעכע וועלט פון שאָטנס און אָפּגעהאַקטע איינצלנע פראַזן און ווערטער. פּרץ גיט אין "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" דעם רעזשיסער אַ מעגלעכקייט אויפצובויען און שאַפן אַ טעאַטראַליזירטן, שווידערלעכן טויטן־קאַרנאַוואַל, דערפירנדיק באַזונדערע סצענעס צו אַ גרויסער סימבאָלישער פאַראַלגעמיינערונג, געהילט אין סיטואַציעס.

אין ״ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ האָבן מיר כמעט אַלע פּרץ־פּערסאָנאַזשן, וואָס לעבן אין זיינע ווערק. אין דער דראַמע זענען זיי פאַרוואַנדלט אין טויטע אָדער לעבעדיקע סימבאָלן. אַזוי אַרום ווערט אַלץ וואָס טומלט, לעבט און שטרעבט אין יידישן לעבן, סימבאָליזירט. קיין קערפּער איז נישטאָ. עס איז דאָ בלויז אַ שאָטן פון אַ וואָרט. דאָס זענען שאָטנס פון רעאַלע מענטשן, וואָס זעען אויס ווי קאַריקאַטורן פון דערווירקלעכקייט.

פּרץ האָט געהאַט דעם געניאַלן געדאַנק אַרויסצוברענגען, אַז דער בדחן פירט די וועלט; דער בדחן, וועמען עס פעלט אַ וואָרט צו מאַכן אַ גראַם — פּרעטענדירט צו זיין דער פירער.

דער בדחן קומט אַרויס מיט אַזעלכע ווערטער:

מאַרגן קאָנסטו שטראָפן!
נאָר כל־זמן דו וועסט שלאָפן
בין איך פעלדמאַרשאַל!
און איך וועל פירן!
העי, פון אַלע נאַכט־קוואַרטירן
פון פעלד און וואַלד,
פון הייל, ריץ און שפּאַלט
פון כף הקלע.

— — — — — — — —

גראַנאָווסקי האָט ריכטיק אויפגעכאַפּט דעם געדאַנק. דערפאַר טאַקע איז דער בדחן געוואָרן די צענטראַלע פיגור פון דער פאָרשטעלונג.

דער רעזשיסער האָט באַנומען ״ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, ווי אַ וווּנ־דערלעכע סכעמע פון אַ סאַטירישער דראַמע, וואָס איז ביז גאָר אייגנאַרטיק מיט אירע אַפאָריזמען, מיט איר אימפּעט און נערוועזיטעט. עס איז אים פאַרבליבן צו געפינען די געהעריקע פאָרם פאַר דעם צעוואָרפענעם, אין בילדער און באַזונדערע ווערטער, אוצר, עס אָרגאַניזירן און אַרויסברענגען אין דער אויפ־פירונג.

ווי אין דער ״כישופמאַכערין״ פון גאָלדפאַדן, האָט גראַנאָווסקי באַנוצט זיך מיט פּרצעס דראַמע, ווי מיט אַ סצענאַריום, איינפלעכטנדיק נייע טעקסטן, נייע אַקציעס.

אין ״ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״ קומט אַרויס דער דיכטער און שטויסט זיך אָן אויפן שלאָפנדיקן וואַנדערער. דעם דיכטער קומט אויף דער געדאַנק, וואָס ער זאָגט אַרויס:

דיכטער (אין פּלוצלונגער אויפלייכטונג)

האָב איך, הייסט עס, איינעם
פון זיינע חלומות געזען,
און דעם וועט מען שפּילן.

געשפּילט ווערט דער חלום און נישט די וואָר. אין אַ חלום קאָן מען זיך דערלויבן צונויפמישן דאָס לעבעדיקע און דאָס טויטע, דעם קאָשמאַר, דעם פיבער פון פאַרגאַנגענע צייטן און שאָטנס פון היינט און נעכטן. אָט דעם חלום, פאַר־וואַנדלט אין אַ ״טראַגישן קאַרנאַוואַל״, האָט אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי באַשאַפן.

דער רעזשיסער שרייבט וועגן זיין צוגאַנג צו פּרצעס דראַמע:

״300 שורות טעקסט, אָן סיוזשעט, אַ שטענדיקער, אומאויפהערלעכער בייט פון בילדער, בילדער נישט געבונדענע. דאָס איז גיכער אָן אייגנאַרטיקער קאַר־נאַוואַל פון מענטשן־שאָטנס. נאָר אַזוי, אין דעם קאָנטעקסט, האָט מען עס געקאָנט פאַרווירקלעכן אַלס טראַגישן קאַרנאַוואַל״.

דעריבער האָט גראַנאָווסקי געלייגט מער אויפמערקזאַמקייט אויף דער צווייטער העלפט פון דער דראַמע — צו די מתים־בילדער. די העלדן זענען געווען אויס־געלעבטע מתים. די האַנדלונג שפּילט זיך אָפּ אויפן אַלטן יידישן מאַרק, צווישן קלויסטער און בית־מדרש, אַרויסקריכנדיק פון זייערע קברים, איילן די מתים צום מאַרק, אויסלעבן דאָס, וואָס זיי האָבן נישט אויסגעלעבט ביים לעבן. און דער בדחן רופט צו זיי:

לעבט, וואָס איר האָט נישט דערלעבט!
פּילט, וואָס איר האָט נישט דערפּילט.

דער אַלטער בית־עולם מיטן פוסטן מאַרק האָבן באַדאַרפט מיט זיך פאַר־שטעלן די אַלטע פאַטריאַרכאַלע יידישע וועלט מיט איר נעבעכדיקן, באַגרענעצטן, צעלייגטן שטייגער, מיט מענטשן, וואָס האָבן נישט געוווסט, ביים לעבן, וואָס עס איז אַזוינס לעבנס־פרייד.

אויף דער האַלב־חושכדיקער בינע, ביי קלאַנגען פון טרויער־מוזיק (קאָמ־פאָזיציע: א. קריין), האָבן געשפּאַנט שרעקנדיקע שאָטנס. זיי זענען געווען "באַפּוצט" (קינסטלער ראָבערט פאַלק) אין קליידער, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט... סקעלעטן, ביינער, שטיקער לייב און קליידער, וואָס האָבן נישט באַוויזן צעפוילט צו ווערן. די אַלע אויפגעשטאַנענע מתים, געוועזענע קלעזמער, מקובלים, חסידים, הענדלער, גאַסן־מוידן, טענצערינס, משכילים, געפרוירענע א. אַנד. — האָבן זיך צונויפגעשטויסן און פונאַנאַנדערגעגאַנגען און ווידער זיך צוזאַמענגעשטויסן אין אַ פאַנטאַסטישן קאַרנאַוואַל.

דאָס איז געווען אַ רעקוויעם דער אַלטער וועלט, וווּ אַלץ איז פאַרשאָטנט און פאַראָורטיילט.

פון ערגעץ טראָגט זיך דעם שמש׳ס קול:

אין שול אַריין, אין שול אַריין!
נשמות הקדושים מזכיר זיין!
די דערטרונקענע, פאַרברענטע,
די געפּייניקטע, געשענדטע...
אין שול אַריין, אין שול אַריין!

און עס איילן אויפן רוף די טויטע. ערגעצווו, אין דער נאָענט, פראַוועט מען די שוואַרצע חופה. עס באַווייזן זיך ער און זי. און איבער זיי אַלע — דער בדחן־לץ, וועלכער פאַראורטיילט אַלץ און אַלעמען. ווי אַ וויכער רייסט ער זיך אַריין און טראָגט אַרויס זיין בייזן פסק.

האָט זיך באַוויזן די דערמאָנטע פּאָר, שרייט זיי נאָך דער בדחן: "אין גיהנום! אין גיהנום!" און ווען די יידן ווענדן זיך צום רבונו של עולם: "גאָט, גאָט, גאָט", ווערט זייער געבעט פאַרטויבט פון בדחן, מיט זיין אויפגעבראַכטן געשריי: "אייער גאָט איז באַנקראָט!"



ש. מיכאָעלס — דער ערשטער בדחן —
„ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" פון י. ל. פרץ (1926).

אַ באַזונדערן איינדרוק האָט אויפן צושויער איבערגעלאָזט דער נאַכט־אויסרוף פון בדחן: "נאַכט, איך לעש דעם פייער; אין די הייזער זאָל זיין חושך, ווי אין קבר".

אין די אויסגערעכנטע סצענעס זעען מיר אַ צוגעשריבענעם אָדער געענדערטן טעקסט. ביי פּרצן זאָגט דער בדחן וועגן דער נאַכט:

הײ, דו אַלטע גרויל!
עפן די אויגן עפן דאָס מויל!
דיין גיריק ליכט פליס,
דיין וואַסער גיס...
דער הימל פאַרמאַכט!
עס איז אונזער נאַכט, אונזער נאַכט.

דער סימבאָל פון נאַכט, ווערט די הויפּט־טעמע פאַר גראַנאָווסקין.

וועגן דער געפונענער טעמע אין גראַנאָווסקיס רעזשי האָט משה ליטוואַקאָוו געשריבן: "פּרצעס "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" איז נישט קיין פּיעסע פאַר טעאַטער־שפּיל, וואָס אַנטוויקלט זיך אין אַן איינהייטלעכער קייט פון דראַמאַטישע האַנדלונגען... דעריבער זענען פאַראַן געוואַלטיקע שוועריקייטן פאַרן טעאַטער, ווייל אויסער דעם וואָס "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" האָט נישט קיין איינהייטלעך־דראַמאַטישע האַנדלונג, נאָר אַ מין פּאַנאָראַמע, איז די פּאַנאָראַמע אַליין זייער כאַאָטיש געבויט.

אָבער דער מלוכה־טעאַטער האָט, אַ דאַנק גראַנאָווסקין, געלייזט די דאָזיקע שוועריקייטן אויף אַ גלענצנדיקן אופן. פריער פון אַלץ האָט דער טעאַטער אָרגאַניזירט דעם אינהאַלט, שאַפנדיק אַ טעמע, וואָס איז ניט ווייט פון אַ סיוזשעט".

אָרגאַניזירן דעם אינהאַלט, האָט געהייסן קאָנען אַרויסנעמען פון דער פּיעסע דאָס, וואָס איז נויטיק פאַרן צוגעטראַכטן געדאַנק פונעם רעזשיסער, צוגעבנדיק מוזיק, דעקאָראַציעס, קאָסטיומען.

אין פאַל פון "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" איז עס געווען אַ גליקלעכער צונויפטרעף פונעם מחבר און רעזשיסער, אַ צונויפטרעף, וואָס האָט געגעבן אַ גרויס סצעניש ווערק.

גראַנאָווסקי האָט אַרויסגעבראַכט אַ וועלט, וואָס איז אויסגעליידיקט פון "אַלץ", אַ וועלט פון וועלכער עס קוקט אַרויס דער יאוש.

פרץ דערפירט די דאָזיקע אויסגעליידיקטע וועלט בלויז צו באַזונדער אָפּ־געריסענע ווערטער, וואָס דעם מענטשן איז פאַרבליבן.

שרייט אַ מאַרקסיסטישער אַגיטאַטאָר:

"ס'איז אַן אייזערן געזעץ".
און דער קרעמער זיינס:
"העץ, העץ, דעם עולם העץ!

אַ צווייטער קרעמער מיט סאַרקאַזם:

"וועסט אויסגיסן די באָד".

און אַ פרוי זאָגט:

"זיי וועלן פאַרברענען די שטאָט!"

מיר האָבן פאַר זיך פאַרשטאַרטע גולמס, וועלכע רעדן זייער גאַנץ לעבן די זעלבע ווערטער, וואָס מען האָט זיי אין מויל אַריינגעלייגט.

פרץ איז מרמז, אַז די גאַנצע וועלט מיט אירע געשטאַלטן און טועכצן איז איין גרויסע און פוסטע קרעטשמע, ווו די הויפּט־פידל שפּילן בדחנים, וועלכע פאַרמעסטן זיך צו פירן די וועלט.

אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי פאַרוואַנדלט דעם בדחן אין דער הויפּט־פיגור פונעם גאַנצן ספּעקטאַקל. ער האָט שטאַרק אויסגעברייטערט די שפּיל־מעגלעכ־קייטן פונעם בדחן און אים צעצווייט, אַריינפירנדיק אַן ערשטן און צווייטן בדחן, וואָס האָבן געשפּילט באַנאַנד די זעלבע ראָל. גראַנאָווסקי האָט די פאַרצווייליגטע געשטאַלט איינגעטיילט איטלעכן זיינע פונקציעס. מיכאָעלס האָט אַרויסגעבראַכט די דראַמאַטישע זייט פון פרצעס בדחן און זוסקין — די לירישע. דער עפעקט פון דעם עקסצענטריש־דערפינדערישן געדאַנק איז געווען אַ ביז גאָר שטאַרקער. דער פאַרטאָפּלטער בדחן איז געווען די הויפּט־סענסאַציע פונעם שפּיל. איטלעך וואָרט פון איין בדחן האָט באַקומען זיין רעזאָנאַנס אינעם צווייטן. און ווידער —

פון דעם איבערוואַרפן די רעפּליק פון איינעם צום צווייטן, מיט דער געענדערטער טאָנירונג פון איין און דעם זעלבן וואָרט — האָבן אַזעלכע ווערטער ווי "אונדזער נאַכט, נאַכט", באַקומען אַ נייע פּאַראַלגעמיינערונג און אויסגעדריקט דעם געדאַנק, אַז די נאַכט געהערט צום בדחן, ער איז דער הערשער איבער איר, אַז ער פירט די ביינאַכטיקע קאַפּעליע.

מיכאָעלס און זוסקין, וועלכע האָבן געשפּילט דעם צעצוויי־אַקטן בדחן, האָבן זייער געשטאַלט נישט געקאָנט בויען אויף די קנאַפּע טעקסטן פון סצע־נאַריום, נאָר דער עיקר זיך געשטיצט אויפן דראַמאַטיזם פון די געשאַפענע מיזאַנ־סצענישע בילדער מיט דער הילף פון דער מוזיק, קאָסטיומען און דעקאָראַציעס. דאָס איז אָבער געווען צו קנאַפּ כדי צו שאַפן אַ לעבעדיקן פּערסאָנאַזש. דער דראַמאַטיזם, די האַנדלונג פונעם סצענאַריום איז ווינציק געווען אויסגעדריקט דורך ווערטער און די אַקטיאָרן האָבן געמוזט אָנקומען צו דער פאַרשטאַרקטער גראָטעסקאַרטיקער טעאַטראַלישקייט, אַריינברענגענדיק כאַראַקטער־שטריכן פון אויסן, ד. ה. באַרייכערן די געשטאַלט מיט דער אויסערלעכער פאָרם און פאַר־טראַכטן סימבאָלישן געדאַנק.

באַנעמענדיק דעם ניהיליזם פון בדחן ווי אַן אָפּלייקענונג פון אַלץ, וואָס עס געשעט אַרום דעם מענטש, דערזעט מיכאָעלס אין זיין העלד אַן אייגנאַרטיקן מעפיסטאָ.

"דער בדחן — זאָגט מיכאָעלס — טראָגט אין זיך אַ געהיימניס, דאָס גע־היימניס פון אומקום און פאַראורטיילונג, פון אַ נוצלעכער פאַראורטיילונג".

די אַבסטראַגירטע און סימבאָלישע געשטאַלט פון מיכאָעלסעס בדחן איז געווען סודותפול און טראַגיש.

שוין אויסערלעך האָט מיכאָעלס־בדחן אויסגעזען ביז גאָר טשיקאַווע. זיין קאָפּ איז געווען פאַרגרעסערט (בפרט דער אויבערשטער טייל פון שאַרבן), אַ מגושמ־דיקן שטערן, אַ ווילד־באַוואָקסן פּנים, מיט שאַרפע, ספּאַזמאַטישע באַוועגונגען. זיינע האַסטיקע איבערגענג, זיין אומדערוואַרטע אַנטפּלעקונג האָבן אונטערגע־שטראָכן דעם דינאַמיזם פון דער געשטאַלט. דאָס אויסלאַכן, דאָס איזדעקעווען זיך איבער די אַרומיקע איז אונטערגעשטראָכן געוואָרן דורך דעם, וואָס דער בדחן איז אָפּט אַרויסגעקומען מיט אַ בעזעם. ער האָט מיטן בעזעם געפּרוווט

אויסקערן דאָס אומריינע פון דעם אַלטן לעבנס־שטייגער. ווען ער האָט אַוועק־געלייגט דעם בעזעם, האָט ער אָנגעהויבן פּאָכען מיט אַ ווייס טיכל אין זיין רעכטער האַנט. איינציטיק האָט ער געוויזן פאַרשידענע קונצן, וואָס האָבן צוגעגעבן דער געשטאַלט, ווי מיר האָבן דערמאָנט, אַ סך סודותדיקייט.

מיכאָעלס האָט איינגעזען די טראַגעד־יע פון בדחן אין דעם, וואָס שעלטנדיק און פאַראורטיילנדיק דעם אָרום און די אַרומיקע, פאַרמאָגט ער אַליין אויך נישט קיין ניצוץ פון פּאָזיטיוויקייט: ער האָט נישט וואָס קעגנצושטעלן אָט דער טראַגיש־אומגליקלעכער וועלט.

אַזאַ אויסטייטשונג פון פּרצעס בדחן איז געווען ביז גאָר אייגנאַרטיק. עס האָט זיך געניוטיקט די גרויסע טעאַטראַלע גאונות פון מיכאָעלסן, בכדי צו פאַרוואַנדלען די דאָזיקע עפּיזאָדישע פיגור אין אַ מאָנומענטאַלע געשטאַלט, וואָס פאַרכאַפּט באַלד ביים ערשטן באַווייזן זיך אויף דער בינע און פאַרפאָלגט אייך אַ לעבנלאַנג.

"ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" אין גראַנאָווסקיס אויפפירונג האָט אַרויסגערופן אין ראַטן־פאַרבאַנד סתירותדיקע אָפּשאַצונגען. טייל אָפיציעלע קריטיקער האָבן זיך דערשראָקן און פאַרשריען דעם טעאַטער, באַשולדיקנדיק אים אין פאָרמאַליזם און מיסטיציזם. עס איז געטאַדלט געוואָרן דער עצם־אויסקלייב פון דער פּיעסע. מען האָט באַשולדיקט דעם רעזשיסער, אַז ער האָט אַריינגעבראַכט אין דער האַנדלונג דעם געדאַנק פון אויסזיכטלאָזיקייט, וואָס באַווירקט דעם צושויער מיט אַ געדריקטער שטימונג. אַנדערע סאָוועטישע קריטיקער, צווישן זיי משה ליט־וואַקאָוו, האָבן געלויבט און באַווירקט, אַז די פאָרשטעלונג זאָל באַוויזן ווערן אין אויסלאַנד. די מערב־אייראָפּעאישע פּרעסע האָט אַרויסגעהויבן די דאָזיקע אויפפירונג און איינגעזען אין איר גאָר אַ גרויס ווערק, איינס פון די געניאַלסטע אויפטוען פון מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער.

אין 1927 פירט אויף אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי "מסעות בנימין השלישי", לויט מענדעלע מוכר ספרים, אין דער אינסצעניזירונג פון י. דאָברושין. דאָס איז געווען אַ פאָרשטעלונג, וואָס האָט געמאַכט אַ רושם ניט נאָר אין ראַטן־פאַרבאַנד, נאָר אויך אין אַלע שטעט פון מערב־אייראָפּע, ווו דער מאָסקווער יידישער טעאַטער האָט גאַסטראָלירט.

"מסעות בנימין השלישי" האָב איך צום ערשטן מאָל געזען אין 1935. די אויפפירונג האָט פאַרהיט איר פרישקייט, איר חן, איר האַרמאָניע, איר כישוף־קראַפט.

ווען איך פרוו היינט דערציילן וועגן דער פאָרשטעלונג, קאָן איך מיך ניט באַפרייען פון דער טיפער איבערלעבונג וואָס כ'האָב געהאַט מיט כמעט דרייסיק יאָר צוריק. איך זע בנימינען און זיין "שני למלך" סענדערל, זייערע טרויעריק־נאַאיווע און מענטשלעך־גוטמוטיקע אויגן, איך הער זייער שטים, זייער איינ־געהאַלטן־שעמעוודיקן געלעכטער, זייער האַרציקן געזאַנג.

מיכאָעלס האָט באַשאַפן זיין בנימין אַכט יאָר נאָך זיין ערשטן אויפטריט אויף דער בינע. פאַרשטאַרקט און אויסגעוואַקסן איז, פאַר דער צייט, זיין טאַלאַנט, זיין וויסן פון דער טעאַטער־טעכניק. ער איז געוואָרן אַ שוישפילער, וועלכער האָט גוט באַהערשט די בינע. ער האָט דערגרייכט די קונסט פון אויסערלעכער אויסדריקלעכקייט, די קונסט וואָס עס האָט אין אים דערצויגן גראַנאָווסקי.

צוויי סטיכיעס האָט מיכאָעלס פאַראייניקט אין זיין שאַפן — די טראַגישע און קאָמישע. אָפט זענען זיי געגאַנגען ביינאַנד, איבערגעפלאָכטן און אַרויס־געוואַקסן איינס פון דאָס אַנדערע. מיר האָבן עס געזען אין זיין מנחם־מענדל, רב אַלטער, דער בדחן און אפילו האָצמאַך.

ווי אַ לייבלעכן ברודער פון רב אַלטער און מנחם־מענדל פאַרקערפּערט מיכאָעלס זיין בנימין. ער ברענגט אַרויס דעם קראַך פון אַן אידעאַליסטישן טרוים,

פון אַ פשוטן און אָרענטלעכן מענטש פון פאָלק, וואָס האָט אין די ענגע געסלעך פון דער „טשערטאַ אָסיעדלאָסטי" נישט געקאָנט אָנווענדן זיין אינערלעכע קראַפט, וואָס האָט געברויזט אין אים.

בלייבנדיק טריי זיין צוגאַנג צו דער ראָל, נעמט אויף מיכאָעלס די בנימין־געשטאַלט ווי פון אַן אָדלער מיט אָפּגעשניטענע פליגל.

— איך ווייס אפילו — דערציילט שפּעטער דער אַרטיסט — ווען ס'איז גע־קומען צו מיר די דאָזיקע וויזיע. דאָס איז געווען אין אַ געשפּרעך מיטן קינסטלער פאַלק, וועלכער האָט געזוכט דעם אויסערלעכן לבוש פאַר בנימינען. געבנדיק אַ טראַכט האָב איך אַרויסגעזאָגט, אַז כ'פאַרמאָג דעם געפיל, ווי אין די פּלייצעס איז אים ענג, אים ווילט זיך פליען, אָבער די פליגל זענען אונטערגעשניטן...

„בנימין — אונטערגעשניטענע פליגל", אַזוי האָט מיכאָעלס דערזען אין זיין פּערסאָנאַזש אַן אָדלערל, וואָס דאָס לעבן האָט אים, נאָך ביים געבוירן, אונטער־געבראָכן די פליגל. דעם אָדלערל האָט מען געוואָרפן אין אַן ענגן, שמוציקן הינערשטייג. אַן אומבאַהאָלפענער און נעבעכדיקער איז ער דאָ געוואַקסן, בענקענ־דיק צו דער רחבות פונעם בלויען הימל. איינמאָל נעמט ער אונטער דעם פּרווו אַרויסצוהויבן זיך אין די הויכן. ער איז, וואָס אַן אמת, אַרויפגעפלויגן, אָבער אַרויפגעפלויגן נידעריק, נישט זיכער און אין עטלעכע סעקונדן שפּעטער אַראָפּ־געפאַלן אין בלאָטע. זיין פלי און פאַלן זענען געווען לעכערלעך, אָדער בעסער — טראַגיקאָמיש.

אין טראַגי־קאָמישן סטיל האָט מיכאָעלס געשפּילט זיין ראָל. געשפּילט ליידנשאַפטלעך, באַגייסטערט, מיט אַ שטאַרקער עמאָציאָנעלער אָנגעזעטיקטקייט. צוזאַמען מיט זוסקינען, האָבן זיי זיך אַרויסגעהויבן אין דער פאָרשטעלונג, וואָס גראַנאָווסקי האָט פאַרטראַכט ווי אַ „רירנדיקע עפּאָפּייע".

„מיטן רעכטן פוס, עס זאָל אין וועג, חלילה, קיין צרות ניט פּאַסירן", מיט די ווערטער לאָזן זיך אונדזערע העלדן אין וועג, זוכן דאָס לאַנד פון די רויטע יידעלעך. מיטן שטעקן אין איין האַנט און קלומיקל ברויט אין דער צווייטער, קאָמישע און אומבאַהאָלפענע, זענען זיי געגאַנגען זוכן דאָס אויסגעחלומטע לאַנד — ארץ ישראל.

אויפן וועג ווערן זיי אָפט געשטרויכלט, פאַלן אַריין אין פאַרשיידענע שווערע סיטואַציעס. סענדערל ציט, די גאַנצע צייט, צוריק קיין טונעיאַדאָווקע; בנימין רייסט זיך פאָרויס אין וועג, פאַרכאַפּט פונעם טרוים צו געפינען דאָס הייליקע לאַנד און ברענגען די טונעיאַדאָווקער קבצנים אויסלייזונג און פרייד. ווי אַ הייליקער פלאַם ברענט אין אים דער באַגער אויסצוגעפינען די רויטע יידעלעך מיט די צען שבטים, פאַרלאָרענע ערגעץ הינטער די הרי־חושך. דער דאָזיקער טרוים באַשיינט זיין גאַנץ וועזן אין דער אָרעמער, שמוציקער און הונגעריקער טונעיאַדאָווקע.

בנימין האָט זיך ממש געביטן פאַר די אויגן פון צושויער. מיכאָעלסעס אָנ־געדעגטע שטים, זיין פייערדיקער בליק, די שטרעבונג פאָרויס, ווי צום פלי, האָט מען געשפּירט אין זיין גאַנצער פיגור. דאָס אַלץ האָט פאַרוואַנדלט דעם לצנישן טרוימער אין אַ באַגייסטערטן זוכער פון אמת. און ווען בנימין, אַזוי אומדערוואַרט, קערט זיך צוריק צו זיין טונעיאַדאָווקע און אויף דער פראַגע פון סענדערל, „ווי זענען מיר אַהער אַריינגעפאַלן?" ענטפערט ער מיט טרויער „אַ סימן סענ־דע־רל, אַז די ערד איז קיילעכדיק" און פאַרציט זיין באַרימטע לירישע ליד „איי אַ חלום, איי אַ חלום" — פלעגן די הערצער פון צושויער זיך אָנפילן מיט טרויער, פאַר די צעבראָכענע פליגל פון טויזנטער אַזוינע גליק־זוכער און טרוימער.

אין דער ראָל פון בנימין, וואָס זיין איטלעכער אויפטריט איז געווען באַגלייט פון דער הערלעכער מוזיק, וואָס עס האָט פאַרפאַסט לייב פולווער, אָנגעזאַפּט מיט יידישע פאָלקס־מעלאָדיעס, האָט מיכאָעלס אַנטפּלעקט זיין מוזיקאַלישקייט, פּלאַסטישקייט און דעם שטאַרקן אינערלעכן געפיל פון ריטם. זיין שפּראַך, באַוועגונג, זשעסט, האָט בפירוש אויסגעדריקט די געלונגענע מוזיק, אין וועלכער ס'איז געווען דאָס נאַאיווע פון אַ פאָלקס־ליד און דאָס לירישע, דאָס ראָמאַנטיש־דערהויבענע פון אַ סימפאָניע.

מיט דעם אַרויסברענגען דאָס טראַגישע פון דער געשטאַלט, דורך דעם קאָמישן, האָט מיכאָעלס זיך אָפט גענוצט, איבערהויפּט אין זיין אַרבעט איבער מנחם־מענדלען. נאָר באַזונדערס איז עס אים געלונגען אין דער פאַרקערפּערונג פון בנימינען — איינע פון זיינע בעסטע סצענישע שאַפונגען.

די גאַנצע אויפפירונג איז געווען אַרויסגעהויבן ווי אַ מין אידיליע. דערפאַר

טאַקע האָט גראַנאָווסקי באַנומען "מסעות בנימין השלישי", ווי אַ "ריינדיקע עפּאָפּייע". דאָס האָט, אָבער, ניט געשטערט דעם רעזשיסער צו אַנטפּלעקן דאָס סאָציאַלע, אוממענטשלעכע פון יענע באַדינגונגען, אין וועלכע עס האָבן געלעבט בנימין, סענדערל און מיליאָנען יידן, אַרויסצוברענגען דעם טראַגיזם פון טויזנטער טרוימער, וואָס שטרעבן צו בעסערס, גאַרן אַרויסצורייסן זיך פון דער שוידער־לעכער טאָג־טעגלעכקייט, פון זייער פאַרמשפּטן לעבן.

א. גראַנאָווסקין איז געווען נאָענט מענדעלע־מוכר־ספרים, דער משכיל. ער האָט פאַרמאָגט דעם פולן מיטלייד צו די העלדן פון "מסעות בנימין השלישי". ער האָט זיי ניט פאַראורטיילט און ניט געשטראָפט, ער האָט מיטגעליטן פאַר זייערע דורכפאַלן און געטרוימט צוזאַמען מיט זיי. דער גלענצנדיקער יידישער רעזשיסער, האָט אין מענדעלעס "מסעות בנימין השלישי", צום אַלעם ערשטן איינגעזען אַ גרויס הומאַניסטיש ווערק, וואָס דערציילט און גיט איבער דעם טרוים און דראַנג פון ליידנדיקע זיך אַרויסצורייסן צו אַ שענערער און יושרדיקער וועלט.

די קאָנצעפּציע פון וועלן געפינען דאָס אויסגעחלומטע לאַנד פון אויסלייזונג האָט דער רעזשיסער אַקצענטירט אין די ווערטער "ארץ ישראל, ירושלים", וואָס האָבן אַרויסגערופן, ביי אייניקע קריטיקער, פאַרדאַכט, איינזעענדיק אין דעם אַ פּראָוואָקאַטאָרישן אַרויסרוף.

מיכאָעלס און זוסקין האָבן זיך געמיט אַרויסצושטעלן נישט דאָס לעכערלעכע פון זייערע פּערסאָנאַזשן, נאָר דער עיקר, דעם טראַגיזם פון "באַליידיקטע און דערנידעריקטע".

דער באַקאַנטער יידיש־סאָוויעטישער ליטעראַטור־קריטיקער, פּראָפעסאָר נו־סינאָוו, שרייבט אין 1936 :

"מיכאָעלס און זוסקין האָבן באַשאַפן מאָנומענטאַלע סימבאָלן פון אַן אַוועק־גייענדיקער עפּאָכע דערפאַר, וואָס זיי האָבן אַרויסגעברענגט ניט נאָר דעם נאַאיוון מיטלאַלטערלעכן פאַנאַטיזם און רעליגיעזע באַגרענעצטקייט, נאָר טאַקע דערפאַר, וואָס זיי האָבן אויפגעדעקט זייער טראַגיזם, זייער גרויס־מענטשלעכן טרויער. דער אָביעקטיווער באַדייט פון זייער טראַגיזם באַשטייט אין דעם, וואָס זייער נאַאיוויטעט שטויסט זיך, היסטאָריש, צונויף מיט אַ סוחרישן פּראַקטיציזם, זייער טרוים — אויף אומברחמנותדיקייט און רויב, זייער מענטשלעכקייט און צוטרוי — אויף אכזריותדיקע זשעדנעקייט.



לינקס: ב. זוסקין — סענדערל.
רעכטס: ש. מיכאָעלס — בנימין
אין „מסעות בנימין השלישי״
פון מענדעלע מוכר ספרים (1927).

זיי זענען קאָמיש דערפאַר, ווייל פון זייערע באַגריפן טראָגט זיך מיט מיטל־אַלטער, באַגרענעצטקייט, זיי זענען טראַגיש און מענטשלעך־רירנדיק, ווייל אונטערנעמענדיק זייער רייזע, פאַלן זיי אַריין אין דעם "מלכות פון טרערן".

נישט אויסלאַכן זענען געקומען מיכאָעלס און זוסקין דעם יידישן דאָן־קיכאָט — סאַנטשאָ פאַנטשאָ. דער ציל איז געווען אַן אַנדערער.

"דאָס דאָן־קיכאָטישע, טרוימערישע, אַוואַנטורישע שפּיר איך אין יעדן מענטשן", זאָגט מיכאָעלס. דער צושויער האָט עס געקאָנט זען אין זיינע געשטאַלטן פון שימעלע סאָראָקער, רב אַלטער און אפילו אין דעם בדחן פון "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

זיכער איז זיין בנימין געווען דורכגענומען מיט אַ געוויסער מאָס פון איראָניע: סיי בנימין, סיי סענדערל, זענען לעכערלעך אין זייער וועלט־אויפפאַסונג, נאָר פאַר מיכאָעלסן און זיין הערלעכן פאַרטנער זוסקין, איז וויכטיקער פון אַלץ געווען, דערטראָגן דעם טרויער און אומבאַהאָלפנקייט פון דעם נאַאיוו־פּשוטן מענטש פון פאָלק, אין זיין צוזאַמענשטויס מיט דער שוידערלעכערווירקלעכקייט. "דאָס איז דער טראַגיזם פון אַ קאָנפליקט, צווישן גרויסן, נאָר אומבאַהאָלפענעם מענטשלעכן אידעאַליזם און רעאַלן מענטשלעכן פּראַקטיציזם", שרייבט נוסינאָוו.

מיטן שטעלן זיך די אויפגאַבע פון באַווייזן דאָס טראַגישע, דורך קאָמישע מיטלען, איז די געשטאַלט פון בנימין געוואָרן קאָמפּליצירטער און דערהויבענער.

טאַקע דערפאַר ווערט דער נעבעכדיקער, קבצנישער בנימין, אין שפּיל פון מיכאָעלסן, פאַרוואַנדלט אין אַן עקזאַלטירטן זוכער פון געשעענישן, אין אַן ענטוזיאַסט, וואָס נעמט אָן, צייטנווייז, דעם אָנבליק פון אַ העלד.

בנימין איז כמעט אין שמאַטעס: זיין קאַפּאָטע צעריסן, די הויזן געקירצט (פון וועלכן עס קוקן אַרויס די אונטער־הויזן), די פאַרשפּיצטע יאַרמלקע דעקט קוים צו זיין קאָפּ, דאָס גרינגע טיכל אויף זיין האַלדז האַרמאָנירט לגמרי נישט מיט די איבעריקע בגדים. זיינע רויטע דרייעקיקע ברעמען, דאָס אויסגעקראָכן, שמאָל־צעצויגן דאָן־קיכאָטיש בערדל האָבן באַשאַפן, ווי מיר זעען, אַן אויסערלעכקייט, וואָס דערנידעריקט בנימינען.

מיכאָעלס האָט אָבער אַזוי געשפּילט, אַז די דאָזיקע אויסערלעכקייט איז ווי פאַרשוווּנדן פאַרן צושויער. עס האָט פאַרכאַפּט בנימינס צילגעווענדטקייט, דער קוים פאַרוואָרפענער קאָפּ מיט די טרוימערישע אויגן, וואָס האָבן אַרויס־געקוקט ערגעץ אין דער ווייט.

דער פּאַטאָס פון מיכאָעלסעס שפּיל האָט אַרויסגערופן אַ ציטער: אײַך האָט זיך געדאַכט, אַז דער אַקטיאָר געפינט זיך אויפן ראַנד פון פולקאָמען צונויפשמעלץ מיט זיין העלד — מיט אַזאַ טיפער דורכדרינגלעכקייט האָט מיכאָעלס איבערגעגעבן די האַרציקע געפילן פון זיין פּערסאָנאַזש. נאָר ווען מען האָט זיך בולטער אַריינגעקוקט אין זיין שפּיל, האָט מען דערשפּירט, אַז די געשטאַלט איז אַרומגענומען פון אַ לייכטער איראָניע. דאָס איז נישט געווען אַ באַליידיקנדיקע איראָניע פאַר בנימינען ווייל דער אַרטיסט האָט זיך באַצויגן צו זיין פּערסאָנאַזש ווי אַ גרויסער הומאַניסט.

דער איבערפלעכט פון פּאַטאָס און פּאַראָדיע, סענטימענט און איראָניע, זענען דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז ס'איז שווער געווען אָפּצוטיילן איינס פון דאָס אַנדערע. נישט געקוקט אויפן טיפן און קאָמפּליצירטן פּאַרטראַכט פון מיכאָעלסעס שאַפונג, זיין פילאָזאָפישער אָנגעלאָדנקייט, איז די געשטאַלט פין בנימינען פאַרבליבן צוגענגלעך פאַר די ברייטע מאַסן צושויער, ווי אויך דער מאָטיוו פון לעכצן נאָך אויסלייזונג.

מען האָט באַדאַרפט פאַרמאָגן אַזאַ געוואַלטיקן חוש און חכמה, אַזאַ געפיל פון טאַקט און מאָס, ווי דאָס האָט פאַרמאָגט מיכאָעלס, כדי צו באַנעמען, אַז אין בנימינען טאָר ניט דערלאָזט ווערן אפילו אַ שאָטן פון אויסלאַכן, פון קאָ־מיקירן. אָט די דאָזיקע ערנסטקייט האָט צוגעגעבן בנימינען, אין די אויגן פון צושויער, אַ באַזונדערן באַדייט.

די צוויי גרויסע יידישע שוישפּילער, האָבן זיך אָפט באַנוצט מיט מיטלען פון קאָנטראַסט אויף דער בינע.

דער שפּיל אויף קאָנטראַסטן איז אויך געווען אַריינגעפירט אין די סצעני־שע צווישנבאַציאונגען פון מיכאָעלס און זוסקין אין "מסעות בנימין השלישי". בנימין־מיכאָעלס און סענדערל־זוסקין, האָבן זיך גרינג אַסאָצירט מיט די געשטאַלטן פון סערוואַנטעסעס דאָן־קיכאָט און סאַנטשאָ־פּאַנטשאָ. דער קאָנטראַסט

איז דאָ געווען בולטער ווייל איטלעכער פון די געשטאַלטן האָט, אויף דער בינע, געלעבט מיט זיין אויסגעהאַלטענעם ריטם. מיכאָעלס און זוסקין האָבן מיט דעם ניט נאָר אונטערגעשטראָכן זייערע כאַראַקטער־אייגנשאַפטן, נאָר — פיל וויכטיקער — באַרייכערט, דערגענצט איינס דאָס צווייטע.

די פּאַסיווע לאַנגזאַמע נאַטור פון סענדערלען האָט אונטערגעשטראָכן די אַקטי־ווע אַנגרייפערישקייט פון בנימינען. סענדערל האָט איטלעכע מינוט געצוימט דעם אומזין פון אומרואיקן בנימין. בנימין רייסט זיך שטענדיק פאָרויס, סענדערל ציט צוריק, אָבער גיט זיך אונטער, סוף כל סוף, דעם ווילן פון בנימינען. אָט קומען זיי, נאָך אַ שווערן הונגעריקן טאָג (די לעצטע גראָשנס האָט מען פון זיי אַוועקגעגנבעט), אין דער אָרעמער אכסניה און זענען געצוווּנגען צו לייגן זיך אויף קאַלטע, נאַקעטע בענק. צעבראָכענע, אויסגעמוטשעטע, לייגט זיך יעדער מיט זיין קרעכץ. אפילו אין דעם קרעכצן, שטרייכן אונטער, ביידע אַקטיאָרן, דאָס אינדיווידועלע פון זייערע פּערסאָנאַזשן. סענדערל צעגיסט זיך אין אַן אומאויפ־הערלעכן "איי, איי, איי..." בנימין, איינגעהאַלטן, באַהערשט דעם הונגער און ווייטיק אין די גלידער מיט עטלעכע אויסרופן "אוי — אוי..."

בנימינס איינגעהאַלטנקייט אין אויסדריקן זיינע אומרואיקע געפילן, זעען מיר שוין אין דער ערשטער סצענע פון ערשטן אַקט. אין שטעטל קומט צו פאָרן דער ביכער־הענדלער, אין וועלכן מיר דערקענען די געשטאַלט פון מענדעלע־מוכר־ספרים. ער דערציילט די אַרומיקע יידן, צווישן וועלכע עס געפינט זיך אויך בנימין, וועגן ווייטע לענדער, וועגן דעם לאַנד ארץ ישראל און דער הייליקער שטאָט ירושלים. בנימין הערט זיך צו, ער ווערט דורכגענומען פון אַ געוואַלטיקער אָנרעגונג, דאַכט זיך באַלד וועט ער אַרויסשרייען זיין באַוווּנדערונג, אָבער דער אַקטיאָר צוימט זיינע געפילן. זיין האַנט האָט אַרומגענומען אַ דערביי שטייענדיקן ייִנגעלע, ער גלעט רואיק זיין האַנט. ער לאָזט אים נישט אָפּ ביז צום ענדע פון דער סצענע. אַזוי גייען ביידע אָפּ, טוליענדיק זיך איינס צום אַנדערן.

ווי אַ גרויסער מייסטער פון אויפדעקן דאָס פאַרבאָרגענע אינעם וואָרט באַווייזט זיך מיכאָעלס אין דער צווייטער סצענע, וואָס קומט נאָך דער נאָר־וואָס באַשריבענער. מיכאָעלס־בנימין קומט אַרויס אַליין אויף דער בינע. ער גייט צו נאָענט צום צושויער. זיין בליק בלאָנדזשעט און זוכט אין דער ווייט. מיטאַמאָל לויכטן אויף זיינע אויגן, מיט אַן איינגעהאַלטענער און דאָך אויפגע־רעגטער שטימע ברענגט ער אַרויס:

— ירושלים... ארץ ישראל... אָט דאָ... אונטער די אויגן...

זיין האַנט ציט זיך פאַרויס, די פינגער וויברירן אין טאַקט פון דער אָר־קעסטרירטער מעלאָדיע. זיין איינגעהאַלטענער פאַטאָס, דאָס וויברירן פון די פינגער, איבער וועלכע עס פינקלען שטראַלן פון ליכט, גיבן צו אַ טיפן זין די דאָזיקע סצענע, וואָס וואַקסט אויס ווי אַ סימבאָל פון בענקשאַפט נאָך דעם אייגענעם לאַנד, נאָך דעם ליכט פון ירושלים.

די בענקשאַפט נאָך ארץ־ישראל האָט דער רעזשיסער, ווי די אַקטיאָרן, אונ־טערגעשטראָכן אין דער סצענע, ווען בנימין און סענדערל פאַרלאָזן זייער טונעיאַדאָווקע. זיי הויבן אָן זייער גאַנג "מיטן רעכטן פוס", מיטן ציל צו געפינען דאָס הייליקע לאַנד און די רויטע יידעלעך. אָט באַגעגענען זיי אַ פויער, וואָס אַקערט זיין פעלד. בנימין שיקט סענדערלען צום פויער זיך דערוויסן דעם וועג נאָך ארץ־ישראל. די הערלעכע שפיל, געמישט מיט הומאָר, איז נישט געווען בכוח אַוועקצונעמען דאָס וויכטיקסטע, דעם גרויסן ווילן צו געפינען דאָס הייליקע לאַנד, איבערגעבן די בענקשאַפט זייערע.

ניט דרייסט, ווי פון אַ זייט, דערנענטערט זיך סענדערל צום פויער. אַ מינוט באַטראַכטן איינער דעם צווייטן. סענדערל נעמט זיך אָן מיט מוט און קום אַרויס מיט אַזאַ לשון:

— א ניע זשינע טשעלאָוועטשע, קודי דאָראָגאַ נאָך ארץ־ישראל?.

דער פויער איז צעטומלט, ער פאַרשטייט ניט וועגן וועלכן "שרולע" מען פרעגט ביי אים.

— שלאָמקע, מאָוסקע באַטשעל, שרולע — שרייט דער פויער — ניע באַטשעל.

בנימין לעבט וויטיקדיק איבער, וואָס סענדערל קאָן זיך מיטן פויער נישט דערריידן, זיין אומגעדולד וואַקסט. ציענדיק סענדערלען צו זיך שרייט ער ממש אין אים אַריין:

— זאָג אים, סענ־דערל שאַרפֿער, שאַרפֿער א־ר־רץ ישראל!

אַזוי עטלעכע מאָל חזרט זיך איבער דאָסזעלבע און דערביי ווערט אונטער־געשטראָכן און אויסגעשפּילט דאָס וואָרט ארץ־ישראל, ירושלים, וואָס פֿאַרוואַנדלט זיך אין דער הויפּט־טעמע פֿון דער פֿאָרשטעלונג.

דער סוד פֿון מיכאָעלסעס דערפֿאָלג אין דער ראָל פֿון בנימין איז אויך באַשטאַנען אין דער פֿולער רואיקייט און גאַנצקייט, וואָס עס פֿאַרמאָגן קלאַסישע ווערק.

אומפֿאַרגעסלעך פֿאַרבלייבט די שפּיל פֿון בנימין זוסקין אין דער ראָל פֿון סענדערל־די־יידענע.

איך האָב געהאַט דאָס גליק אָפֿט צו זיין מיט זוסקינען, שמועסן און פֿיל פֿון אים צו לערנען. ער האָט געשטאַמט פֿון מיין שטאָט אין דער ליטע, פֿון פּאָ־ניעוועזש. מיר האָבן אָפֿט דערמאָנט געמיינזאַמע באַקאַנטע, פּאַסירונגען, קבצנים און סתם שטעטלשע משוגעים.

זוסקין איז, אין פֿולן זין פֿון וואָרט, געווען אַ פֿאָלקס־אַרטיסט (ער האָט אויך געטראָגן דעם אָפֿיציעלן טיטל — פֿאָלקס־אַרטיסט). די מערהייט פֿון זיין שאַפֿן האָט ער געשעפּט פֿון זיינע דערינערונגען. זייענדיק דער זון פֿון אַ שניידער, האָט ער שוין אין זיין קינדהייט איינגעזאַפּט דאָס געזאַנג פֿון דעם טאַטנס באַהעל־פֿערס, זיך צוגעהערט צו זייערע וויצן. שפּעטער אָרדנט ער שוין אַליין איין פֿאַמיליע־אָוונטן, ווו ער טרעט אַרויס מיט אימיטאַציעס פֿון זיינע שטעטלשע באַקאַנטע און קרובים, לייענט שלום־עליכם. זוסקין, נאָך אַלס קינד, האָט אָפֿט פֿאַרטרעטן זיין פֿאָטער, דעם מיטגליד פֿון דער פּאָניעוועזשער קהילה, ביים אויסטיילן אָרעמעלייט נדבות, געבן הילף, אויפֿקלערן ווער עס נויטיקט זיך, ווער ס'איז קראַנק. אַזוי איז ער געוואָרן "אַן אייגענער" ביי די שטעטלשע קבצנים, וואָס האָבן אים געלאַדן אויף זייערע חתונות, בריתן און לוויהס. אומעטום האָט מען געזען דעם יונגן בנימקען מיט זיין געדיכט־געקרייזלטן קאָפּ האָר. ער האָט זיך צוגעקוקט צו פֿאָלקס־מענטשן און פֿאַרשיידענע טיפּן, געלערנט זייערע אייגנשאַפֿטן, זייער אַרט ריידן, זייער אַרט גיין, זשעסט און פֿאָרם פֿון אַרויסברענגען פֿרייד, ליידן, האַס און צאָרן. ער האָט פֿאַרגעדענקט ווערטלעך, לידלעך, קללות, חכמות איינגעזאַפּטע אין דער יוגנט אין די אָרעמע שטעטלשע קרייזן.

אויף מיינע פֿראַגן צו אים, ווי אַזוי ער האָט באַשאַפֿן די אָדער יענע געשטאַלט, אַרויסגעפֿונען זיינע כאַראַקטער־שטריכן, זיין אויסערלעכקייט, פֿלעגט ער, כמעט

שטענדיק, אַרויסשטעלן אַלס אַ פּראָטאָטיפּ פון דער געשאַפענער געשטאַלט, אַ לעבעדיקן מענטש, וואָס ער האָט פאַרגעדענקט פון זיין קינדהייט, פון זיין שטעטל.

מיך האָט תמיד אינטערעסירט דער סוד, ווי אַזוי זוסקין, וועלכער איז געווען פיל העכער פון זיין פאַרטנער מיכאָעלס, ווערט אין סענדערל מיט אַ קאָפּ נידעריקער, ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ צעפּלאָסענער, רונדיקער "יידענע". זוסקין, אין סענדערל, האָט דערגרייכט די פולע שוישפּילערישע איבערגעשטאַלטונג. ער האָט געביטן ניט נאָר זיין אויסערלעכן אויסזען, נאָר זיין גאַנצע אינערלעכע וועלט איז געוואָרן אַן אַנדערע. זיין אַרט גיין מיט די פאַרונדיקטע בייגל־פיס, מיט די גרויסע היפטן, זיין ווייבעריש קול, די צוויי גרויסע, קיילעכדיקע, נאַאיווע אויגן, זיין גוטמוטיקער רונדיקער געזיכט "באַצירט" מיט באַהאָרטע בראָדאָווקעס, דער האַלב־שמייכל, וואָס האָט ניט פאַרלאָזט זיין פּנים, דאָס אַלץ האָט געמאַכט אומגלויבלעך, אַז פאַר איך געפינט זיך דער הויכער, ברייטער און אַזוי גוט־באַקאַנטער זוסקין.

אויף מיין פראַגע צו אים, ווי אַזוי ער האָט געאַרבעט איבער סענדערלען, ווי אַזוי ער איז געקומען צו דעם גלענצנדיקן רעזולטאַט אין דער ראָל, האָב איך באַקומען זיין ענטפער:

— איך קאָן דיר געניי ניט זאָגן... איך שפּיר, קודם כל, די ראָל אין זיך... די אינטואיציע פאַרנעמט אַ וויכטיקן אָרט אין מיין אַרבעט. ניט אַלץ לאָזט זיך אין דער קונסט און איבערהויפּט אין אונדזערער, דערקלערן. — ער האָט איצט געקוקט אָן אַ זייט, מיטאַמאָל אויפגעשפּרונגען, שטאַרק דערפרייט, אָנגעהויבן ריידן שנעל, ווי ער וואָלט געווען באַגרענעצט אין צייט און מוז באַווייזן אַלץ אַרויסרעדן — געדענקסט, אין פּאַניעוועזש איז געווען אַן איזוואָשטשיק (פורמאַן), וועלכער איז געשטאַנען נעבן אייזן־געשעפט פון גביר בוך. ווינטער־צייט איז ער געשטאַנען מיט זיין דאַר פערדל און שליטל און געוואַרט אויף אַ "יאַזדע". ער האָט פאַרמאָגט קרומע פיס, ער איז ניט געגאַנגען, נאָר, ווי זיך געקייקלט; פון ווייטנס האָט מען געמיינט, אַז ס'גייט אַ יידענע. ווינטער, אין פראָסטיקע נעכט, פלעגט ער זיך וואַרעמען מיט פאַרוואַרפן די הענט אונטער די פּאַכוועס און צוריק, דערביי זייער קאָמיש אונטערגעשפּרונגען. (זוסקין האָט עס מיר אילוסטרירט). דער דאָזיקער איזוואָשטשיק איז מיר געקומען אויפן געדאַנק ביי מיין אַרבעט איבער סענדערלען. עס האָט מיר געגעבן דעם ריכטיקן שטויס צו בייטן מיין אויסערלעכקייט. מיט די רונדיקע אויסגעקרימטע פיס האָב איך

דערגרייכט וואָס כ׳בין געוואָרן נידריקער פון מיין פּאַרטנער, צווייטנס — וויבעריש. יאָ, דאָס איבעריקע איז שוין געקומען פון זיך. אין בערלין, בעת אונדזערע גאַסטראָלן, פלעגט אָפּט אַריינקומען צו מיר מאָאיסי, ער האָט באַוווּנדערט מיין איבערגעשטאַלטונג אין סענדערלען. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז ער וואָלט אויך געוואָלט שפּילן מיין סענדערל. — פּלוצים, ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, צוגעגעבן — יאָ, כ׳האָב פאַרגעסן, געדענקסט ״גימפּל דעם קראַצער״, דעם שטעטלשן משוגענעם, דעם שטענדיק פריילעכן, אויך ביי אים האָב איך געגנאַשט פאַר דער געשטאַלט.

כ׳האָב מיך דערמאָנט דעם קרומען איזוואָשטשיק, דעם משוגענעם ״גימפּל דעם קראַצער״, וואָס איז אין ווינטער־טעג געגאַנגען מיט אַ צעלאָזט העמד און געטראָגן אַן אייזערנעם קראַצער, ווי אַ לאַנגען גאָפּל, וואָס ער פלעגט, פון צייט צו צייט, אַריינשטעקן הינטערן קאָלנער.

פאַרשטייט זיך, די אַלע פּראָטאָטיפּן זענען בלויז געווען דעטאַלן פאַר דער געשטאַלט, האָבן געדינט ווי דער אויסגאַנגס־פּונקט פאַרן גרויסן בינע־קינסטלער זוסקין, וועלכער האָט זייער פּאַרטיפּט, טאָג־טעגלעך געאַרבעט איבער זיינע פּערסאָנאַזשן.

סענדערל — זוסקינס ערשטער אַרויסגאַנג אויף דער בינע, איז געווען פאַרפולט מיט אַ באַזונדער נאַאיוויטעט און לירישקייט. מיר זעען ווי די קינדער שפּילן מיטן טשעקאַוון סענדערלען, טרייבן איבער אים קאַטאָוועס, ציען אים פאַר די פּאָלעס, קראַצן אים און סענדערל אַ צופרידענער צווישן זיי, ווי אַליין אַ קינד, חזרט איבער זיין ערשטע רעפּליק ״ס׳אַראַ דאגה כ׳האָב, זאָלן זיי מיך קראַצן״.

ענלעך האָט זיך באַצויגן צו די שטיפערישע יינגלעך דער פּאַניעוועזשער גימפּל. ער האָט זיך געלאָזט מיט אים שפּילן און אָפּט אַליין אַרויס אין טאַנץ מיט חברה.

דאָס אינפאַנטילע האָט האַרמאָנירט אין זוסקינדס סענדערל מיט זיינע ספּעציפיש־אויסגעקרומטע פיס און ראַכיטישן הולך. אין דער באַקאַנטער סצענע פון חלום, ברענגט אַרויס סענדערל זיין באַוווּנדערונג דורך דעם, וואָס ער שפּרינגט, ווי אַ קינד, פון איין בענקל אויפן צווייטן. די דאָזיקע ״שפּרינגענדיקע״

באַוווּנדערונג און מורא ביים דערשיינען פון לינדוואָרם איז ביי אים געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט פאַרכאַפּט, אפילו, דעם איינגעהאַלטענעם בנימין, וועלכער באַרואיקט זיין סענדערלען: "האָב קיין מורא סענדערל, דאָס איז דאָך אַ יידישער לינדוואָרם, ער טשעפּעט קיינעם ניט".

זוסקינס סענדערל האָט אַרויסגערופן ניט נאָר געלעכטער און לירישן שמייכל, נאָר טרויער און מיטגעפיל, פאַר פיל באַליידיקטע און באַגרענעצטע, וואָס די צייט פון נויט און פיין האָט באַשאַפן.

**
*

"מסעות בנימין השלישי" איז געוואָרן דער טריומף פון דעם רעזשיסער גראַנאָווסקי. די פאָרשטעלונג האָבן באַוווּנדערט ניט נאָר יידישע צושויער, נאָר איז דערגאַנגען, מיט איר פאָלקסטימלעכער פאָרם און אינהאַלט, צו צושויער, וואָס האָבן ניט פאַרשטאַנען יידיש. צוואַנציק יאָר, האָט דער טעאַטער פאַרהיט "מסעות בנימין השלישי" אין זיין רעפּערטואַר. זי איז געווען באַליבט ביי די אַקטיאָרן, וואָס האָבן אין איר געשפּילט און איטלעכע פאָרשטעלונג איז געווען פאַר זיי אַ יום־טוב. מען האָט עס געשפּירט אין די הינטער־קוליסן, אין די גרים־צימערן, אין דער אַלגעמיינער הייליקער פרייד און דערהויבנקייט.

"מסעות בנימין השלישי" איז באַשערט געווען צו ווערן די לעצטע אויפֿפירונג פון גראַנאָווסקין אין מאָסקווער יידישן טעאַטער. נאָך דער אויפפירונג פאָרט אַרויס דער טעאַטער קיין אויסלאַנד אויף גאַסטראָלן, פונוואַנען גראַנאָווסקי קערט זיך מער ניט צוריק און פאַרבלייבט אין אייראָפּע.

גראַנאָווסקי האָט מיט דער מאָס פון אַ גרויסן מייסטער אַרויסגעבראַכט אין זיין "מסעות בנימין השלישי" די האַרמאָניע פון שפּיל, מיזאַנסצען, מוזיק, מאָלעריי און ליכט. אַלץ האָט מיטגעווירקט אין דער געהעריקער פּראָפּאָרץ דערגענצנדיק איינס דאָס צווייטע און צוזאַמען באַשאַפן אַ גרויס סצעניש ווערק. אין דער געשיכטע פון מאָדערנעם יידישן טעאַטער איז שווער צו געפינען אַ ענלעכע פאָרשטעלונג, וואָס זאָל שטיין אויף דער קינסטלערישער הויך ווי "מסעות בנימין השלישי".

צאַרט און שפּילעוודיק, ליריש און טרויעריק, נאַאיוו־זוניק מיט הומאָר איז געווען די מוזיק פון לייב פולווער. דער צושויער האָט ניט געקאָנט פאַר־בלייבן גלייכגילטיק צו פולווערס ניגונים צו בנימינס און סענדערלס מאַרש, צו דער מוזיקאַלישער עקזאָטיק פון חלום, צו דער אילוסטראַציע פון מאַרק. דער צושויער איז מיטגעריסן געוואָרן פון דער מעלאָדיע, האָט געשפּירט איר ריטם, איר האַרציקייט. פולווערס מוזיק האָט באַווירקט די אַקטיאָרן, פּראָוואָצירט די אויפריכטיקע געפילן און איבערלעבונגען און מיט דעם מיטגעווירקט צו באַשאַפן די יידישלעך־לירישע אַטמאָספער פון דער פאָרשטעלונג.

אומפאַרגעסלעך בלייבט די מאָלערישע, פאַרביקע און אַזוי באַחנטע וועלט פון קינסטלער ראָבערט פאַלק, וואָס האָט אויפגעבויט און באַלעבט דאָס שטעטל, די קרומע הייזער, טייכן, פעלדער, טיפן, רעאַלע און פאַנטאַסטישע, די קופּער־זון און צעשמייכלטע לבנה, דעם לינדוואָרם און דעם בלויען סמבטיון. פאַלקס וועלט איז געווען סטיליזירט באַדינגלעך און אַזוי יידישלעך, דורכגעזאַפּט מיט דער יידישער פאַנטאַזיע און פאָלקלאָר, מיטן יידישן טרוים און צער. ראָבערט פאַלק האָט, ווי אין זיין צייט מאַרק שאַגאַל, באַווירקט די שפּיל און די פאַר־קערפּערונג פון די פּערסאָנאַזשן.

אָט דער שעפערישער צונויפקום פון אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי, שלמה מיכאָעלס, בנימין זוסקין מיטן קאָמפּאָזיטאָר לייב פולווער און מאָלער ראָבערט פאַלק, האָט געבראַכט צו דעם גלענצנדיקן רעזולטאַט פון דער אויפפירונג "מסעות בנימין השלישי". עס האָבן זיך פאַרגעדענקט אין פאַרשיידענע פּערסאָ־נאַזשן די אַקטיאָרן: שרה ראָטבוים, פינקעלקרויט, שידלאָ, גערטנער, נעי, כאַזאַק, ראָגאַלער, ראָם, מינקאָווע.

דעם צושויער האָט זיך איבערגעגעבן דאָס פּאָעטישע, דערהויבענע, דער מיטלייד צום מענטשן, וואָס טרוימט און ליידט. דער טעאַטער איז ניט צוגעגאַנגען מיט דער מאָס פון דער "כישופמאַכערין" ד. ה. משפּטן אָן רחמנות. די שעפער פון דער אויפפירונג, האָבן ניט אויסגעלאַכט און אַראָפּגעריסן, נאָר אַרויסגעבראַכט דעם געדאַנק, אַז ניט דער ייד איז שולדיק אין זיינע ליידן, נאָר די שווערע אויסערלעכע באַדינגונגען, וועלכע באַגרענעצן, פאַרקריפּלען און פאַרדלותן זיין וועלט, זיין לעבן. דערפאַר — זיין אייביקער דראַנג צו אויסלייזונג און באַ־פרייאונג פון זיינע ליידן, אַ דראַנג, וואָס לעבט אין יידן טויזנטער יאָרן.

"מסעות בנימין השלישי" איז לאַנגע יאָרן געווען די קרוין אין דער קונסט פון מאָסקווער יידישן טעאַטער. איר נאַציאָנאַלע פאָרם און נאַציאָנאַלער אינהאַלט האָבן באַווירקט דעם ווייטערדיקן שעפערישן וועג פון טעאַטער, כאָטש זעלטן האָט ער פאַרמאָגט די מעגלעכקייט עס אַרויסצוזאָגן מיט אַזאַ אָפענער אויפ־ריכטיקייט און האַרציקייט ווי אין דער פאָרשטעלונג.

ערשט מיט צען יאָר שפּעטער, ווען מיכאָעלס אין זיינע אויפפירונגען פון האַלקינס "שולמית" און "בר־כוכבא", ווידער אַרויסהויבן און באַזינגען יידישע גבורה און ליבע צו ארץ־ישראל. אָבער די פאָרשטעלונגען האָבן ניט דערגרייכט דעם קינסטלערישן ניוואָ, וואָס עס האָט פאַרמאָגט "מסעות בנימין השלישי". זייער לעבנס־דויער איז דעריבער געווען אַ קורצער און פאַרבייגייענדיקער.

לאַנגע יאָרן האָט דער טעאַטער אַפּישירט גראַנאָווסקיס אויפפירונג פון "מסעות בנימין השלישי". יעדעס מאָל האָבן דעם צושויער־זאַל פאַרפולט מאָסקווער, מינסקער, קיעווער, אָדעסער און לענינגראַדער יידן, פאַר וועלכע די פאָר־שטעלונג איז געווען אַ יום־טובדיקער נחת־רוח און אַ טיפע איבערלעבונג.

נאָך דער אויפפירונג פון "מסעות בנימין השלישי" פאַרט דער מאָס־קווער יידישער טעאַטער קיין מערב־אייראָפּע. וועגן די גאַסטראָל־יאָרן אין אויסלאַנד האָט מען זעלטן דערמאָנט. דאָס איז געווען נישט דערפאַר ווייל די פאַרשטעלונגען האָבן נישט אויסגענומען, פאַרקערט, די מערב־פּרעסע איז געווען פול מיט לויב און באַגייסטערונג פאַרן טעאַטער. די פּרעסע ווי דער צושויער האָבן מיט התפעלות אויפגענומען "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק", "200.000" (דאָס גרויסע געווינס), "די כישופמאַכערין" און באַזונדערס "מסעות בנימין השלישי", זיי האָבן אָפּגעמערקט דאָס נייע, אָריגינעלע אין דער דאַזיקער קונסט. די סיבה פון פאַרשוויגן די גאַסטראָלן איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס אין אויסלאַנד איז פאַרבליבן דער שעפער און קונסט־לייטער, אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקי, וועגן וועלכן מען האָט אויסגעמיטן צו ריידן. און אויב מען האָט שוין יאָ דערמאָנט זיין נאָמען איז עס געווען לגנאי.

אין דער דאָזיקער צייט האָט דער שריט פון וועלן פאַרבלייבן אין אויסלאַנד אַרויסגערופן אַ בהלה און פאַרלאָרנקייט. מען האָט געפּרוווט גראַנאָווסקין איבער־צייגן, איבעררעדן אָבער אָן רעזולטאַט. ער האָט אַלץ געטענהט, אַז פריי שאַפן קאָן ער נאָר אין אויסלאַנד און אַז זיין באַשלוס איז אַן ענדגילטיקער.

דערשלאָגן און פאַריתומט קערן זיך די שוישפּילער צוריק קיין מאָסקווע.

טאַקע פון יענער צייט האָט מען אויסגעמיטן דערמאָנען דעם נאָמען גראַ־נאָווסקי. ער איז געוואָרן פאַרעכנט פאַר אַ פּאָליט־עמיגראַנט, אַ פיינט, אַ פאַרע־טער. זיין קונסט איז געוואָרן איבערגעשאַצט און דערקלערט פאַר שעדלעך. ער איז פאַרשריגן געוואָרן ווי אַ פאָרמאַליסט און בורזשואַזער עסטעט, וועלכער האָט פאַרפירט דעם טעאַטער אויף פרעמדע, דער סאָוויעטישער קונסט, וועגן. גראַ־נאָווסקי איז געוואָרן באַשולדיקט אין באַוווסטזיניקן אָפּרייסן דעם יידישן טעאַטער פון דער סאָוויעטישער טעמאַטיק, פון דעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם. אין יענער צייט איז פאַרשוווּנדן זיין נאָמען פון די טעאַטער־אַפישן, פּראָגראַמען, רעצענזיעס, כאָטש זיינע אויפפירונגען ווערן ווייטער געשפּילט.

אין דער משפּחה יידישע אַקטיאָרן האָט מען אַלעקסאַנדער גראַנאָווסקין דערמאָנט שטילערהייט מיט ליבע און אָנערקענונג. ער האָט פאַרגעזעצט זיין לעבן אין זיינע אויפפירונגען, אינעם שפּיל פון זיינע שילער, וואָס האָבן דערציילט ווי סאַשאַ (אַלעקסאַנדער) האָט געבויט אַ בילד אין אַ פאָרשטעלונג, האָט אויסגעטייטשט ווי צו פאַרקערפּערן אַ פּערסאָנאַזש. ער איז לאַנגע יאָרן פאַרבליבן דער אויטאָריטעט מיט וועמענס ירושה מען האָט שטאָלצירט.

נישט לייכט איז אָנגעקומען די אָפיציעלע אינסטאַנצן צו פועלן, אַז דער יידישער טעאַטער זאָל איבעררייסן מיט דער קונסט, וואָס גראַנאָווסקי האָט איינ־געפלאַנצט אין משך פון יאָרן און וואָס האָט אים דערפירט צו אַזוינע שעדעווערן, ווי "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק" און "מסעות בנימין השלישי". עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אוממעגלעך אַוועקצונעמען זיין איינפלוס, זיין לערע, זיין מעטאָד פון אַרבעט איבער אַ געשטאַלט.

די אָפיציעלע קריטיקער האָבן גערופן דעם יידישן טעאַטער זיך אַריינצו־פּאַסן אין די אָנגענומענע אַלגעמיינע ראַמען פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם. די הויפּט־פאָדערונג איז געווען צו פאַרענדיקן, נאָך צוועלף יאָר אָקטאָבער־רעוואָ־לוציע, מיט דער פּראַקטיק פון אָפּשפּיגלען אויף דער בינע בלויז די פאַרגאַנ־גענהייט פון יידישן פאָלק. שוין צייט, האָבן געשריבן די צייטונגען, אַז דער יידישער טעאַטער זאָל זיך אויסדרייען מיטן פּנים צו דער סאָוויעטישער ווירק־לעכקייט, צו דער טעמאַטיק פון היינט. שוין צייט אַרויסצוברענגען אויף דער בינע די ענדערונגען, וואָס די רעוואָלוציע האָט אַריינגעבראַכט אינעם לעבן פון די זעלבע יידישע מאַסן, וועלכע מען האָט פריער אויסגעשפּאָט, ווי אין "די כישופמאַכערין" און שפּעטער אַרויסגעבראַכט מיט באַדויער און מיטגעפיל ווי אין "מסעות בנימין השלישי". סאָוויעטישע יידן, רעוואָלוציאָנערן, אַרבעטער, בויער באַדאַרפן פאַרנעמען דעם פּלאַץ פון די לופט־מענטשן און באַדנלאָזע טרוימער. דער טעאַטער האָט באַדאַרפט געבן זיין ענטפער.

אין 1929 יאָר איז שלמה מיכאָעלס באַשטימט געוואָרן אַלס קינסטלערישער אָנפירער פון מאָסקווער יידישן מלוכה־טעאַטער.

דאָס ערשטע וואָס מיכאָעלס נעמט אונטער איז אַרויסצוקומען פון דער פאַרצווייפלטער לאַגע. ער פאַרשטייט אַז כדי צו עקזיסטירן איז מען געצוווּנגען נאָכצוקומען די אָפיציעלע פאָדערונגען בנוגע דעם רעפּערטואַר, אַז דער יידישער

טעאַטער, ווי דאָס האָבן לאַנג איינגעפירט אין זייער פּראַקטיק אַנדערע טעאַטערן, באַדאַרף אויפפירן סאָוויעטיש־יידישע פּיעסן. מיכאָעלס אינספּירירט די יידישע מחברים: ד. וועוויאָרקע און ל. רעזניק, וועלכע שרייבן פּיעסן פון היינט: דער ערשטער "137 קינדער־היימען", דער צווייטער — "אויפשטאַנד".

די אויפגעפירטע פאָרשטעלונגען אויף די דערמאָנטע פּיעסן האָבן נישט געהאַט קיין דערפאָלג און זענען גיך פאַרשווונדן פון אַפיש. צו שוואַך זענען געווען די ווערק פון וועוויאָרקע און רעזניק, כדי מען זאָל קאָנען אויף זיי בויען אַ פאָרשטעלונג.

דער מאָסקווער יידישער טעאַטער מאַכט דורך אַ שווערן קריזיס. פון איין זייט, דאָס נישט קאָנען זיך שיידן פון דעם געוווינטן סצענישן מעטאָד אין אַרט פון שפּילן, פון דער צווייטער, די אַלע פאַרשטאַרקטערע פאָדערונגען פון באַווייזן נייע סוזשעטן, נייע פּערסאָנאַזשן.

באַנעמען די אָפיציעלע פאָדערונגען איז געווען נישט שווער, פיינלעך־שווער איז אָבער געווען צו קענען עס רעאַליזירן אין דער פּראַקטיק.

דער דאָזיקער פּראָצעס פון וואַקלונגען, אָפּנויגונגען אין דער אָדער יענער ריכטונג, ווו גראַנאָווסקי האָט זיך געפּאָרט מיט נאַטוראַליזם, דערפירט דעם טעאַטער צו אַ שעפערישער ירידה.

די פּאָליטיק פון צווינגען אָפּצוטרעטן פון גראַנאָווסקיס קונסט, האָט אָנגע־הויבן צו צעשטערן דאָס אַלץ, וואָס ס'איז מיט אַזויפיל מי דערגרייכט געוואָרן. עס ווערט אָוועקגענומען דאָס אייגנאַרטיקע, דער טעאַטראַל־פאַרביקער סטיל, די סצענישע פאָרם פון זיינע פאָרשטעלונגען, דאָס פּאָעטיש־יידישע.

עס הויבן אָן זיך צו באַווייזן ספּעקטאַקלען, וועלכע פאַרמאָגן אַ קורצן אָטעם, וואָס רעגן נישט דאָס האַרץ און געדאַנק פון צושויער, ספּעקטאַקלען צונויפגע־שטעלטע אין איילעניש, ווי וועלנדיק אויספירן אַ דרינגענדיקע באַשטעלונג.

דער סטיל פון גראַנאָווסקי פאַרנעמט דעם אויבן־אָן אין פּרץ מאַרקישעס "נישט געדאַגהט", אין יחזקאל דאָברושינס "דער געריכט גייט", פאַרקערט "פיר טעג" פון דאַניעל ווערט אויפגעפירט אין די ראַמען פון אַלט־מאָדישן נאַטוראַליזם. אַזוי זעצט פאָר דער טעאַטער, מיט גרויסע שוועריקייטן, זוכן זיין נייעם וועג.

אויפן פאַן פון שוואַכע פאַרשטעלונגען הויבט זיך אַרויס די אויפפירונג "דער איבער" פון דוד בערגעלסאָן.

*****

בערגעלסאָנס אינסצעניזירטע נאָוועלע "דער טויבער" האָט אויפגעפירט דער באַקאַנטער רוסישער רעזשיסער סערגיי ראַדלאָוו. ער האָט באַדאַרפט מיט דער פאַרשטעלונג פאַרפעסטיקן דעם רעאַליסטישן וועג פון יידישן טעאַטער.

"דער טויבער" האָט שוין נישט פאַרמאָגט די אייגנאַרטיקייט פון די פריער־דיקע גראַנאָווסקי־אויפפירונגען. ראַדלאָוו האָט דערפירט די שפּיל, דעקאָראַציעס, מיזאַנס, צו דער געניטער אָפּשפּיגלונג פונעם שטייגער־לעבן, כאָטש מיכאָעלס און זוסקין האָבן זיך נישט געקאָנט, מיט זייער שפּיל אַריינפּאַסן אין דער נאַטו־ראַליסטישער שיטה פון דער רעזשי און זיך געמיט צו פאַרבלייבן טריי זייער פריערדיקן צוגאַנג פון שאַפן אַ געשטאַלט.

דער פּסיכאָלאָגיש־רעאַליסטישער צוגאַנג פון לייזן בערגעלסאָנס פּיעסע, ווי דער אופן פון טראַקטירן די פּערסאָנאַזשן, דערנענטערט די פאַרשטעלונג צום סטיל פון מאָסקווער קונסט־טעאַטער, וואָס האָט אין די סטאַלין־יאָרן געדינט ווי אַ ביישפּיל פאַר אַלע איבעריקע טעאַטערן פון ראַטן־פאַרבאַנד. אַלץ וואָס איז געווען אַנדערש ווי אין מאָסקווער קונסט־טעאַטער איז דערקלערט געוואָרן פאַר פאָרמאַליזם.

שלמה מיכאָעלס, וועלכער האָט געשפּילט דעם טויבן, איז פאַרבליבן טריי דער בילדערישער און פילאָסאָפישער אויסטייטשונג פון דעם בערגעלסאָן־פּער־סאָנאַזש, כאָטש דער רעזשיסער האָט אָנגעבונדן זיין שטייגער־נאַטוראַליסטישן צוגאַנג.

סיי דעם רעזשיסער און סיי דעם אַקטיאָר איז אויסגעקומען פיל מוותר צו זיין, כדי צו קומען צו אַ געוויסער פּשרה. די דאָזיקע צושטימונג פון מיכאָעלסן דערנענטערט זיין טויבן צו דער סיסטעם פון סטאַניסלאַווסקין.

אין זיין טויבן זעען מיר שוין נישט בלויז באַציאונג צו דער געשפּילטער געשטאַלט, צום אַרום, ווו דאָס טעאַטראַלע, די שפּיל ווערט אונטערשטראָכן

יעדע רגע און לאָזט דעם צושויער זיך נישט פאַרגעסן, אַז ער איז געקומען פאַרברענגען, שפּאַסן, לאַכן צוזאַמען מיטן אַקטיאָר איבערן לעבן פון נעכטן, ווי מיר האָבן עס געזען אין "דער כישופמאַכערין", "200.000" (דאָס גרויסע געווינס) א. אַנד. אינעם טויבן זענען מיר שוין עדות פון אַ פאָלקאַמען צונויפגוס פון אַקטיאָר און פערסאָנאַזש, ווו דער אַקטיאָר לעבט און ליידט מיטן לעבן און ליידן פון דער געשפּילטער געשטאַלט, ד. ה. ווו דער אַקטיאָר דערגרייכט די פולע איבערגעשטאַלטונג, ווי מיר האָבן עס געהאַט אין געוויסע סצענעס פון זיין בנימין.

די טיף־פּסיכאָלאָגישע באַרעכטיקונג פון דער האַנדלונג, דאָס קאָנען זיך אַריינלעבן אויסערלעך און אינערלעך אין דעם פערסאָנאַזש, דער פילאָסאָפישער צוגאַנג און בילדערישקייט פון זשעסט, וואָרט און קלאַנג, ברענגט מיכאָעלסן צום אייגענעם סינטעז פון באַשאַפן אַ סצעניש געשטאַלט, ווו באַזונדערס וועט עס קומען צום אויסדרוק אין זיין קעניג ליר.

מיכאָעלס האָט אין טויבן באַרייכערט דעם ליטעראַרישן פערסאָנאַזש און אים דערהויבן צו אַן אַלגעמיין־מענטשלעכער מדרגה. דער טויבער־מיכאָעלס איז ווי אַרויסגעוואַקסן און איבערגעוואַקסן די ראַמען פון דער בערגעלסאָן־נאָוועלע און די באַשאַפענע פּיעסע לויט דער נאָוועלע. דאָס קאָנען זיך דערהויבן איבער דעם ליטעראַרישן ווערט פון דער אינסצעניזאַציע, האָט געדינט, פאַר פיל זיינע פאַרערער און טעאַטער־קענער צו דערזען אין זיין טויבן די מעגלעכקייט צו פאַרקערפּערן איינע פון די גרעסטע סצענישע געשטאַלטן, אין דער געשיכטע פון וועלט־טעאַטער — דעם קעניג ליר.

אויך אין "דעם טויבן" טרעטן אויף מיכאָעלס און זוסקין ווי צוויי הויפּט־פּאַרטנערן, וואָס פירן די פאָרשטעלונג. אויך דאָ, שטייען זיי אָפט איינער קעגן אַנדערן און דערגענצן איינס דאָס צווייטע. אויך דאָ ווערט אַרויסגעבראַכט דורך דער שפּיל פון איינעם, דאָס פאַרבאָרגענע און פאַרהוילענע פון צווייטן.

אין דער בערגעלסאָן־געשטאַלט ברענגט מיכאָעלס צום ערשטן מאָל אין זיין סצענישער פּראַקטיק אַ געשטאַלט פון אַ יידן אַ האָרעפּאַשניק. פּערציק יאָר אַרבעט אויף זיין בעל־הבית דעם ביק, פאַרלירנדיק אויף דער אַרבעט זיין געהער, פאַרוואַנדלט מיכאָעלסעס טויבן אין אַ פאַרביטערטן, פאַרשלאָסענעם אין זיך, איינזאַמען אָבער נאָך שטאַרקן זקן. אַרום אים האָט געברויזט מיט לעבן און

שטרייט. דאָרט אויסער דער מיל, אין שטעט און שטעטלעך האָט זיך יידישע יוגנט גרופּירט אין סאָציאַליסטישע קרייזן, געקעמפט פאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען, זיך געגרייט צו דער רעוואָלוציע פון 1905 יאָר. אויך אויף דער מיל, אַרום דעם טויבן, האָט מען געשטרייט, זיך געגרייט צו קעמפן מיטן נגיד ביק. אָבער דער טויבער האָט נישט געוואָלט פון דעם וויסן. ער פאַרבלייבט צו דעם אַלעם טויב. מיכאָעלס האָט איבערגעגעבן דעם סימבאָלישן באַדייט פון דער דאָזיקער טויבקייט צום אַרום, צום לעבן, צום קאַמף.

זיין טויבער איז אַ טיף־ליידנדער מענטש. דאָ אויף דער מיל, פאַר די לאַנגע פערציק יאָר, האָט ער פאַרלאָרן זיין ווייב. זיין איינציקער פאַרבליבענער טרייסט, נאָכן טויט פון זיין ווייב, איז די טאָכטער אסתר און די איז איצט פאַרשעמט און באַשמוצט פונעם אויסגעלאַסענעם זונדל פון באַלעבאָס. צו דעם אַלעם ווערט ער שיער נישט דערהרגעט פון אַ שווערער מאַסע, וואָס פאַלט אויף אים בעת דער אַרבעט.

אומברחמנותדיק אויסגענוצט און דערנידעריקט פאַרבלייבט ער טויב צום אַרום. גאַנצע טעג פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג שלעפּט ער אויף זיינע פּלייצעס שווערע זעק מיט מעל.

אויף דעם שווער־אָנגעזעטיקטן פאָן האָט מיכאָעלס אַרויסגעבראַכט דעם איבערברוך, וואָס שפּילט זיך אָפּ אין טויבן, בעת ער דערוויסט זיך אַז זיין טאָכטער איז געשענדעט פון באַלעבאָס זונדל. דער שטענדיק שווער־באַוועגלעכער, מרה־שחורהדיקער מיכאָעלסעס טויבער איז געוואָרן מאָמענטאַל פאַרכאַפּט פון אַ האָס־געפיל און ווילן צו נעמען נקמה. דאָס איז געווען דער אויפגעוועקטער פּראָטעסט פון אַ מענטשן, וואָס מען האָט לאַנגע יאָרן באַליידיקט און וואָס האָט שווייגנדיק געליטן.

מיט אַן אַרויסגעהויבענער פאַרשאַרפטער האַק רייסט ער זיך צו זיין פיינט דעם ביק, וואָס באַווייזט צו דער צייט צו פאַרשווינדן און אויסמיידן דעם טויט. דער טויבער, נישט טרעפנדיק זיין באַלעבאָס, לאָזט אַראָפּ, מיט אַ ווייטיק־געפיל און יאוש, די האַק. געפירט פון פּערזענלעכער באַליידיקונג, דערזעען מיר אין אים די ערשטע אויפוואַכונג פון זיין קלאַסן־באַוואוסטזיין.



ש. מיכאָעלס אין דער ראָל פון
„טויבן" (1931).

פאַר מיכאַעלסן איז געווען וויכטיק אונטערצושטרייכן דעם קולמינאַציע־פונקט אין דער געשטאַלט — דאָס אויפהויבן די האַק צו נעמען נקמה. אין דעם האָט דער אַקטיאָר איינגעזען דעם סוף פון זיין טויבקייט און פאַרבלענדקייט. זיין העלד, דערקענענדיק דעם ביטערן אמת פון לעבן, ווערט פון דעם מענטשלעך שטאַרקער.

מיכאַעלס האָט נישט נאָר געשפּילט דעם צייט־אָפּשניט פון דער פּיעסע, נאָר האָט אויך פאַרגעשטאַלטיקט די קינעטיקע האַנדלונגען פון דעם טויבן. פאַרבלייבנדיק טריי זיין מעטאָד פון זוכן דאָס בילדערישע אין דער געשטאַלט, האָט מיכאַעלס דערזען דעם טויבן ווי אַ מענטשן מיט פאַרביילטע פויסטן איבערן קאָפּ. די פאַרביילטע פויסטן זענען פאַרבליבן דער נאַטירלעכער זשעסט פון זיין טויבן. דער דאָזיקער בילדערישער אויסדרוק איז נישט געווען סתם צוגעטראַכט פונעם אַרטיסט, נאָר איז אַרויסגעדרונגען פונעם עצם־כאַראַקטער פון דעם טויבנס אַרבעט. מיט פאַרביילטע פויסטן איבערן קאָפּ האָט ער געשלעפּט די פולע זעק, וועלכע ער פאַרוואַרפט איבער די פּלייצעס. מיט די פויסטן האָט ער ווי געווייני־לעך אַראָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן. מיט פאַרקלעמטע פויסטן האָט ער אַרויסגעהויבן זיינע הענט, כדי אויסצוגלייכן דעם אָפּגענומענעם רוקן, נאָך דער שווערער אויסגעמאַטערטער אַרבעט.

דער מענטש מיט די פאַרביילטע פויסטן איבערן קאָפּ — אַזוי האָט איטלעכער פאַרגעדענקט מיכאַעלסן אין דער ראָל. אָבער פאַרגעדענקט האָט זיך די אויסער־לעכע צייכענונג פון דער געשטאַלט פון טויבן דערפאַר ווייל דער אַרטיסט האָט גלענצנד איבערגעגעבן דורך דעם די פּסיכאָלאָגיע פון העלדס אינערלעכע וועלט.

ווי פאַרשטיינערט, אָן דעם מינדסטן געפיל און ווילן אויפצונעמען שטימען און קלאַנגען פונעם אַרום, זעען מיר מיכאַעלסעס טויבן אין ערשטן אַקט. דער אַקטיאָר האָט כמעט געשריגן, אַרויסברענגענדיק זיינע ווערטער, ווי עס שרייען געוויינטלעך מענטשן וואָס הערן אַליין שלעכט. זיין שטים איז געווען אָפּגעהאַקט און פאַרטויבט, ווי זי וואָלט געפאַלן אין אַ ליידיקער פאַס. ער האָט זיך באַוועגט שווער און מיד.

צערייצט, שליידערנדיק אַלץ פון וועג, גרויזאַם אין זיין אויפגעוואַכטער, נישט־געצוימטער קראַפט, שרייענדיק פון ווייטיק און צער — אַזאַ איז געווען מיכאַעלס אין די מינוטן, ווען דער טויבער דערוויסט זיך וועגן דער שענדונג פון זיין טאָכ־טער, ווען ער רייסט זיך צום ביק.

אַן אויסגעמאַטערטער און פֿאַרלאָרענער מיט זיין אָראָפּגעלאָזטער האַק, וואָס איז איצט געווען ווי איבעריק, האָבן מיר געזען דעם טויבן אין דריטן אַקט.

מיכאָעלס האָט נישט פֿאַרענדיקט מיט אומעט און אַנטוישונג די געשיכטע פֿון זיין פּערסאָנאַזש. זיין טויבער איז נאָר עטלעכע רגעס געשטאַנען נעבן דעם ליידיקן בעט פֿון זיין באַלעבאָס אַן אָנמעכטיקער און געבויגענער. מיטאַמאָל האָט ער זיך צונויפֿגענומען, זיך אָנגעשטרענגט, ווי דערהערנדיק זיין אינערלעכע שטים, אויסגעגליכן זיין רוקן, פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ מיט שטאָלץ, פֿאַרביילט די פֿויסטן, קוים אַרויסגעהויבן די האַק און זיין געזיכט מיט ברענענדיקע אויגן איז געוואָרן ווי אויסגעהעלט און קלאָר. אין דער פֿינאַל־סצענע איז צום צושויער דערגאַנגען אַז דער, נאָך נעכטן, טויבער צום אָרום, האָט פֿאַרשטאַנען דאָס זינ־לאָזע און פּרוכטלאָזע פֿון זיין סטיכישן בונט, אַז ער האָט באַנומען די נויט־ווענדיקייט פֿון געראַנגל.

אין דעם פּערסאָנאַזש פֿון טויבן האָט צום ערשטן מאָל אין שפּיל פֿון מיכאָעלסן געקלונגען דער פּראָטעסט פֿון יידישן "קליינעם מענטשעלע" קעגן דער סאָציאַלער אומרעכט. די געשטאַלט פֿון טויבן האָט מיכאָעלסן געדינט ווי אַ טראַמפּלין צו זיין שפּעטערדיקער ראָל פֿון באַלשעוויק יוליס אין דאַניעלס פּיעסע "פֿיר טעג", כאָטש יוליס האָט נישט פֿאַרמאָגט די מאָנומענטאַלקייט און פֿאַר־ביקייט פֿון טויבן.

אַ סך נייעס האָט אַריינגעבראַכט אין דער געשטאַלט פֿון קאַסיר יאָסעלע באַבצעס בנימין זוסקין. דאָס נייע פֿאַר זוסקינען איז געווען דער עצם צוטיילן אים די ראָל פֿון אַן אויסגעשפּראָכן נעגאַטיוון פּערסאָנאַזש.

זוסקין, וואָס האָט אַריינגעוועבט אַזויפֿיל ליבע און האַרץ אין זיינע, ביז איצט, געשפּילטע פּערסאָנאַזשן, האָט אין יאָסעלע באַבצעס באַדאַרפֿט זוכן און זיך נוצן מיט נייע פֿאַרבן פֿון זיין אַקטיאָרישער פּאַלעטע, פֿאַרבן, שטריכן, וואָס זאָלן דעמאַסקירן, פֿאַראורטיילן, אויסשפּאָטן. און כאָטש דער אַקטיאָר האָט צוגעגעבן דער געשטאַלט פֿון יאָסעלען שטריכן פֿון אויסערלעכער און אינער־לעכער פֿאַרקריפּלונג, איז ער דאָך נישט געוואָרן קיין שטרענגער פּראָקוראָר, וואָס זעט נאָר די שטראָף פֿאַר זינד. זוסקין האָט זיך באַצויגן מיט אַ גרויסער מאָס פֿון מיטלייד צו דעם בייז, וואָס עס טראָגט אין זיך יאָסעלע באַבצעס. זוסקינ־יאָסעלע האָט פֿאַרמאָגט פֿאַרשפּיצטע אויערן און אַן אויסגעצויגענע נאָז. ער

האָט באַדאַרפט אַלץ דערהערן און דערשמעקן, כדי עס אונטערצוטראָגן דעם באַלעבאָס, וועמען ער דינט מיט לייב און לעבן. יאָסעלע איז אַ שטרייק־ברעכער און ווערט געהאַסט פון די אַרבעטער. זוסקין האָט איבערגעגעבן דעם געדאַנק אַז נישט דער מענטש איז אָפט שולדיק אין זיין בייז, נאָר די סאָציאַלע באַדינגונגען, וואָס פאַרקריפּלען אים און שטויסן, צוליב זיין עקזיסטענץ, אויף די נידערטרעכ־טיקסטע טאַטן און מעשים.

דער צושויער האָט עס געזען אין דער סצענע, ווען דער איבערגעשראָקענער יאָסעלע בעט זיך ביי די אַרבעטער זיי זאָלן אים מוחל זיין זיין שטרייק־ברעכעריי, טענהדיק אַז ער נעמט ״אַכצן רובל אַ חודש, אַכצן״. זוסקין האָט אַרויסגעשריגן די דאָזיקע רעפּליק ווי אַ באַשולדיקונג קעגן די, וואָס האָבן אָפּגענומען ביי אים זיין מענטשלעכע ווירדע און אָרנטלעכקייט.

אומפאַרגעסלעך איז פאַרבליבן די סצענע, ווען זוסקינס יאָסעלע באַבצעס פאַרבלייבט מיטן טויבן ביים ליידיקן טיש. פאַראייניזאַמט, פאַרלאָזן, זענען ביידע געזעסן ביים גבירישן טיש, ווו מען האָט פריער געפּראַוועט די סעודה. זוסקין איז דאָ געווען דראַמאַטיש־ליריש, דער צושויער האָט אים באַדויערט. פּונקט ווי דער טויבער, זיך אָנלענענדיק אויפן פּויסט מאַכט זיין העלד דורך זיין חשבון־הנפש. זיין גאַנץ דערנידעריקט לעבן לויפט פאַר אים אַדורך אין איין אויגנבליק.

אין דער פאַרקערפּערונג פון דער יאָסעלע־געשטאַלט האָט זוסקין אין אַ נייעם שיין באַוויזן דעם קליינשטעטלדיקן טיפּאַזש. אין דער סצענע ווען דער טויבער וואַרגט יאָסעלען, צי ווען יאָסעלע קומט זיך קלאָגן אויף דעם וואָס די אַרבעטער האָבן אים געשלאָגן, האָט זוסקין טיף־מענטשלעך אַנטפּלעקט גראָד דאָס אומ־מענטשלעכע אין זיין פּערסאָנאַזש. מיט ווייטיק אַנטפּלעקט ער די מענטשלעכע פאַרקריפּלונג, די דעגראַדירונג פון יאָסעלען. זוסקין איז געווען פול מיט ליידן און באַליידיקונג פאַר דער געשענדעטער מענטשלעכער ווירדע. אין דעם איז געווען דער באַדייט פון זוסקינס אַקטיאָרישער ליריש־דראַמאַטישער אינטער־פּרעטאַציע פון דער יאָסעלע־געשטאַלט.

בערגעלסאָנס ״דער טויבער״ האָט דער טעאַטער פאַרהיט אַ לענגערע צייט אין זיין רעפּערטואַר און האָט געדינט ווי אַ יסוד פאַר די צוקונפטיקע פאַר־שטעלונגען.

קעגנאיבער דער רויטער געביידע פון מאָסקווער סאָוועט, געפינט זיך דאָס שמאָלע געסל סטאָלעשניקאָוו. דעם נומער 8 פאַרנעמט אַ צווישטאָקיקער אָסאָבניאַק פון אַ געוועזענעם קופּעץ. היינט, איז עס אַ פּראָסט־דורכשניטלעך הויז, וואָס דערמאָנט אָן דער פאַררעוואָלוציאָנערער מאָסקווע. מיט אַ פּאָר צענדליק יאָר צוריק האָט דאָ געברויזט מיט לעבן און שאַפן פון איבער 60 יוגנטלעכע, וואָס האָבן געלערנט די קונסט פון ווערן יידישע אַקטיאָרן.

דאָס איז געווען די איינציקע יידישע טעאַטער־שול, אויסגעהאַלטן פון אַ רעגירונג, מיט אַ שטאַב פון פּראָפעסאָרן, מיט אַ דורכגעטראַכטער לערן־סיסטעם, באַזירט אויף דערפאַרונג פון ענלעכע שולן אין רוסלאַנד און אין מערב־אייראָפּע. אָנגעפירט מיט דער סטודיע האָט שלמה מיכאָעלס.

זיין איבערגעלאָדענע אַרבעט אין טעאַטער און פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס האָבן אים נישט געגעבן די מעגלעכקייט צו זיין אָפטער מיט זיינע יוגנטלעכע. דעריבער פלעגט יעדע טרעפונג מיט אים פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ יום־טוב. נאָך אַ לעקציע מיט מיכאָעלסן זענען מיר אַרויסגעגאַנגען, ווי באַפליגלט און באַרייכערט מיט נייע געדאַנקען. מיכאָעלס האָט אינספּירירט די פאַנטאַזיע מיטן אופן פון אַנטפּלעקן די דינסטע סודות פון שאַפן און באַזיניקן די קונסט פון טעאַטער און ליטעראַטור. ער האָט שטענדיק גערעדט בילדעריש, אויסנוצנדיק פיל ביישפּילן פון דער קלאַסישער ליטעראַטור און פאָלקלאָר. זיינע שמועסן האָבן געווירקט עמאָציאָנעל, כאָטש זיי זענען געווען באַזירט אויף אַ אונטערגעשטראָכענער לאָגיק און קאָנקרעטיזירטן געדאַנק.

ער האָט געשפּירט די יוגנט, ווייל, ווי אַ קינסטלער, איז ער געווען גרייט איטלעכע מינוט אַ שטיף צו טאָן, מאַכן אַ שפּאַס, דערציילן אַ וויץ און דערביי אַליין פאַרגיין אין אַ געלעכטער. ער האָט דאָס יוגנטלעכע, קודם כל, פאַרהיט אין זיך און אין זיין אַרבעט. און דערפאַר, איז אים געווען גרינג צו געפינען מיט יונגע מענטשן אַ געמיינזאַמע שפּראַך.

היינט איז מאָנטיק, דער אַרויסגאַנגס־טאָג אין טעאַטער און מיכאָעלס איז מיט אונדז. זיבן אין אָוונט, אויסגעזעצט ווי אין אַ האַלבקרייז, קוקן מיר אַרויס און וואַרטן מיט אומגעדולד אויף זיין קומען.

אָט הערן מיר זיינע געמאָסטענע טריט. ער קומט אַריין, ברענגענדיק מיט זיך, דעם יום־טוב. ניט געאיילט לייגט ער אַרויס דאָס שאַכטל "קאַזבעק", פאַרויכערט אַ סיגאַרעט און באַטראַכט דורכן רויך, די אַרומיקע. פּלוצים ווערן זיינע אויגן פאַרנעפּלט און פאַרגליווערט אויף איין פּלאַץ. מיר ווייסן, וואָס ער טראַכט — ווידער פעלט איינער פון אונדז. אַוועקגענומען מיט עטלעכע טעג צוריק, ווי אַ פיינט פון פאָלק, דער דריטער פאַר די לעצטע חדשים. זיינע קורצע פינגער, קלאַפּן בייז איבערן שאַכטל, ער גייט צו צום פענצטער, גיט אים אַ פּראַל־אויף און שטייט אַ רגע פאַרטראַכט. מיר שווייגן מיט אים צוזאַמען. איצט, זענען מיר פאַראייניקט פון זעלבן געדאַנק.

— מען באַקלאָגט זיך אויף אייך, איר אַרבעט ווייניק. איר פאַרשווענדעט די צייט אויף גאָרנישט, אויף פּוסט, עס טאָרן ניט זיין אין לעבן פון מענטשן פאַרלוירענע טעג. יעדן אויפדערנאַכט, ווען כ'לייג מיך אין בעט, שטעל איך זיך אַליין די פראַגע: מיט וואָס האָב איך מיך באַרייכערט פאַרן טאָג? וואָס האָב איך געלייענט, דערוואָרבן אַזוינס, וואָס האָט אויסגעברייטערט מיין וויסן? אין לעבן פון מענטשן איז אַ חטא צו האָבן פאַרלוירענע טעג. איטלעכער טאָג איז איינמאַליק. נוצט אים אויס. זייט גיריק; לייענט, זעט פאָרשטעלונגען, הערט מוזיק, אַרבעט איבערן וואָרט, עס זאָל קלינגען זויבער און מוזיקאַליש, איבט אייער קערפּער, איר זאָלט קאָנען פריי זיך באַוועגן אויף דער בינע, פילן די הענט, די פינגער. די פּאָעטישע באַרייכערונג פון אייער גייסטיקער וועלט, דאָס פּאָעטישע אין שאַפן איז דאָס וויכטיקסטע פאַר אייך, פאַר אייער צוקונפט אין דער וועלט פון קונסט. אָן צו שפּירן דאָס פּאָעטישע איז אוממעגלעך צו בויען אַ פאָרשטעלונג, שאַפן אַ געשטאַלט.

ס'איז נישט מעגלעך היינט צו זיין אַ גוטער אַקטיאָר נישט האָבנדיק אַ באַשטימטן באַגאַזש פון קולטור און וויסן. דער צושויער קוקט דורך דעם אַקטיאָר, ווי דאָס טוט אונדזער רענטגען־אַפּאַראַט. דער אַקטיאָר, אויף דער בינע, אַנטפּלעקט זיך, קודם כל, ווי אַ מענטש אין זיין גאַנצער נאַקעטקייט, וואָס ער זאָל ניט שפּילן, מיט וואָס ער זאָל זיין געזיכט און קערפּער ניט דעקן, וועט מען גלייך אַרויסזען דאָס עיקרדיקע: צי ער איז אַ מענטש מיט קולטור, אָדער אַ גראָבער



אין דער מאָסקווער יידישער טעאַטער־סטודיע:
דוד בערגעלסאָן און בנימין זוסקין צווישן אַרטיסטן־סטודענטן,
טייל אין גרים.

יונג. ווי קען מען זיך איינלעבן אין אַ געשטאַלט, נישט באַנעמענדיק דאָס ווערק פון מחבר און זיין פאַרטראַכטן געדאַנק. ווי קאָן מען פאַרקערפּערן צ. ב. האַמלעט, בעת דער אַקטיאָר, וועמען עס שטייט פאָר צו שפּילן די דאָזיקע ראָל, איז גייסטיק אָרעמער פון זיין העלד, פון זיין אַרט דענקען. נאָר אַ קינסטלער מיט אַ הויכער קולטור, איז פעאיק צו לייזן פּראָבלעמען פון קונסט. אַזוי האָט אויסגעשפּילט זיינע געשטאַלטן שאַליאַפּין, אַזוי האָט פאַרקערפּערט „מסעות בנימין השלישי" גראַנאָווסקי, אַזוי שאַפט זיינע כאַראַקטערן זוסקין.

אין „בנימין דער דריטער" האָב איך דערזען זיינע צעבראָכענע פליגל. אַזוי האָב איך באַצייכנט מיין געשטאַלט „בנימין צעבראָכענע פליגל". דער רעזשיסער האָט גוט פאַרשטאַנען דעם געדאַנק, בויענדיק זיינע מיזאַנסן. בנימין וויל זיך אויפהויבן און אַוועקפליען. זיינע הענט ציען זיך אויס פאָרויס, די פיס אָנגעצויגן. ער שטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער, נאָך אַ מינוט און זיין חלום וועט פאַרווירקלעכט ווערן און ער וועט זיך טרעפן מיט זיינע ברידער, די רויטע יידעלעך פון הינטער די הרי חושך. נאָר, ווען ער הויבט זיך שוין אויף, פאַלט ער גלייך צוריק, ווי אַ שוואַכער פויגל, גלייך אין בלאָטע אַריין. אין דעם ליגט די גרויסע טראַגעדיע פון טרוים און ווירקלעכקייט. פון איין זייט, דער גרויסער ווילן אַרויסצורייסן זיך פון דער דריקנדיקער אַטמאָספער פון קליינעם שטעטל אין דער גרויסער וועלט, פון דער צווייטער, די צעבראָכענע פליגל, וואָס קאָנען דעם דראַנג פון אַן אויסגעחלומטער וועלט ניט פאַרווירקלעכן.

אָט דער געדאַנק האָט באַשאַפן די געשטאַלט און באַשטימט זיין לעבן אויף דער בינע. דער געדאַנק פּראָוואָצירט דאָס עמאָציאָנעלע אינעם שפּיל פון אַקטיאָר.

— דער רוסישער שוישפּילער מאָסקווין, וועמען איר קענט אַזוי גוט, האָט מיט מיר גערעדט, ווי שווער עס איז צו דערציען יונגע אַקטיאָרן. אָט, זאָגט ער, איז צוגעגאַנגען אַ מענטש צו דער פּיאַנאָ, האָט אַ דריק געטאָן מיטן פינגער — האָט זיך באַקומען אַ קלאַנג. נאָר דאָס איז נאָך ניט קיין מוזיק. אַז אָט דער מענטש וועט זיך אָנהויבן לערנען, וועט ער אין אַ צען יאָר אַרום שפּילן. ער וועט אפשר קיין גרויסער מוזיקער נישט זיין, אָבער אַ פּיאַניסט קאָן ער ווערן. אָדער אַ קינד איז צוגעגאַנגען צום פידל, האָט אַ שמיר געטאָן מיטן סמיק — האָט זיך באַקומען אַ סקריפּ. אַז דאָס קינד וועט זיך לערנען אַ יאָר פופצן וועט ער, סוף כל סוף, אפשר פאַרנעמען אַ לעצטן פּולט אין סימפאָנישן אָרקעסטער, ד. ה. עפּעס וועט פון אים אַרויסקומען. נאָר אָט ביי אונדז אַקטיאָרן, זענען

די סטרונעס באַהאַלטן ערגעץ אין האַרץ, אין דער טיף, מיט פינגער וועסטו צו זיי זיך ניט צורירן.

— דאָס איז אַלץ ריכטיק, נאָר מיט איין אויסבעסערונג, וועלכע איך וואָלט געוואָלט אַריינטראָגן אין מאָסקווינס ווערטער: די סטרונעס זענען ווירקלעך באַהאַלטן אָבער נישט אין האַרץ, נאָר אין קאָפּ. די פּאָעטישע באַגאַבונג, די לאָגישע באַגאַבונג, די באַגאַבונג פון באַזינונג, פון קלאָרזעעוודיקייט און אַנדערע סטרונעס פון אַקטיאָרישן טאַלאַנט — זיי זענען אין אונדזערע מאַרך־צענטערס.

אַזוי האָט פאַרגעזעגנט מיכאָעלס זיין שמועס. זיין געזיכט איז געווען באַשיינט מיטן אינערלעכן ליכט פון אַ שעפער, וואָס אַנטפּלעקט פאַר זיך און פאַר די אַרומיקע דאָס, וואָס זיי וויסן נישט. אים איז גוט, וואָס צוואַנציק פאָר אויגן פון יידישע בחורים און מיידלעך קוקן צו אים מיט אַזאַ ליבע, כאַפּן אויף איטלעך וואָרט זיינס.

שנעל גייען פאַרביי די צוויי שעה. מיכאָעלס שטעלט זיך אויף און געזעגנט זיך. פאַרבייגייענדיק לייגט ער אַרויף זיין האַנט אויף מיין פּלייצע און דערמאָ־נענדיק זיך מיין ערשטע אַרבעט אין דער סטודיע, גיט ער פּלוצים אַ שמייכל.

— נו, שיין, טראַכסט נאָך פון יאַגאָ? — איצט גייט דער שמייכל איבער אין אַ גוטמוטיק געלעכטער. ער דריקט פעסטער מיין פּלייצע, ווי אַ סימן, אַז ער מיינט נישט שלעכט. — איך האַלט, אַז דער אויסצוג פון שעקספּירס "אָטעלאָ" איז געווען פיל וויכטיקער, ווי דיין דערפאָלג אין קערובינאַ, וואָס האָט זיך דיר איינגעגעבן אָן שוועריקייטן. מיר לערנען פון אונדזערע פעלערן. נו, ס'וועט זיין גוט!

אַרומגערינגלט פון חברה, וואָס פאַרוואַרפט אים מיט פראַגן אין שייכות מיט זייערע אויסצוגן, וועלכע זיי גרייטן, באַמיט ער זיך יעדן איינעם עפּעס וואָס "אונטערוואַרפן", אַזוינס, וואָס זאָל ריידן צו זיין פאַנטאַזיע, אים העלפן צו פאַרשטיין די געשטאַלט. און ווייזנדיק אויפן זייגער גייט ער, איילנדיק צו אַ נייער אונטערנעמונג, זיצונג.

**
*

— חברה! — האָט אויסגערופן דער עלטסטער — איך רעכן אויס די ריי און צייט, פאַר די וואָס פאַרנעמען היינט די בינע.

— די ערשטע גייען אין „קעלער שטוב", די צווייטע „ס'ברענט", די דריטע „דער וואַלד", די פערטע...

מיין סצענע פון אָסטראָווסקיס פּיעסע „דער וואַלד" אויפן דריטן פּלאַץ, ד. ה. איך פאַרמאָג, אין מיין רשות, אַ צוויי, דריי שעה. איך נעם מיין פּאַרטנערין און מיר טראָגן זיך, פּייל פון בויגן, אַראָפּ די טרעפּ, אויף דער זון און פרילינג, אויף אַ סקווער, נעבן אַ פאָנטאַן. דאָרט, וועלן מיר זיך דורכריידן מיט אָסטראָווסקיס טעקסט פון אונדזער סצענע, באַגלייט פון אונדזערע קעגנזייטיקע געפילן. נאָר מיין פּאַרטנערין צווינגט מיך צו דערציילן וועגן מיין דורכפאַל אין יאַגאָ, און צוליב וואָס מיכאָעלס האָט געלאַכט. איך טו איר צוליב, איצט איז מיר אַלץ איינס, זאָל מען לאַכן, אָבער דעמאָלט...

געווען איז עס אויפן ערשטן קורס, ביים סוף פונעם האַלביאָר, די צייט, ווען עס ווערט באַשטימט דער וויטערדיקער גורל פון איטלעכן סטודענט. דער עיקר זיינען וויכטיק די עקזאַמענס פאַר אַקטיאָרישער מייסטערשאַפט. איך, אַ בחור פון ניינצן יאָר, האָב זיך געלאָזט איינריידן פון אַן עלטערן חבר, אַז כ'זאָל מיט אים איינרעפּעטירן אַ גרעסערע סצענע פון שעקספּירס „אָטעלאָ". אים האָט ווינציק געקימערט, אַז כ'בין אינגאַנצן ניט צוגעפּאַסט צו שפּילן פאַר זיין פּאַרטנער — יאַגאָ. אים איז געגאַנגען אין לעבן צו באַווייזן זיך אין דער געשטאַלט פון אָטעלאָ. איך האָב נאָר באַדאַרפט דינען אַלס דער, וואָס גיט, צו דער צייט, די געהעריקע רעפּליק, — שפּילן טעאַטער, וועט ער...

איך האָב געטראַכט, אַז אַזאַ ראָל וועט געבן די מעגלעכקייט צו דערוויזן דער וועלט, אויף וואָס איך בין פעאיק. און ווו זענען נאָך פאַראַן אַזויגע מעג־לעכקייטן עס צו דערווייזן, ווי ביי שעקספּירן?...

בעת די פּראָבן איז אַלץ צוגעגאַנגען גלאַט. איך האָב רעפּעטירט מיין מאָנאָלאָג, שפּעטער פלעגט אַרויסקומען מיין חבר אָטעלאָ, מיט זיין גרויסער

איבערזיכט צו דעזדעמאָנע, וואָס איך מי זיך צו אונטערהאַלטן און פאַר־שטאַרקן. אין אַ געוויסן מאָמענט, פאַרכאַפּט פון איבערזוכט־אינסטינקט, וואַרפט זיך אָטעלאָ אויף יאַגאָ, נאָר באַהערשט זיך גלייך און גייט אַפּ אָן אַ זייט. דאָס איז געווען אונדזער סצענע.

אין טאָג פון די עקזאַמענס זענען אינעם קליינעם צושויער־זאַל, געווען פאַרזאַמלט שוישפּילער, רעזשיסערן, שרייבער און פריינט. מיין פּאַרטנער האָט מיך באַזאָרגט מיט אַ שוואַרצן באַלעט־טריקאָ, וואָס איז מיר געווען אַזוי לאַנג, אַז כ׳בין געצוואונגען געווען צו פאַרדרייען אַ דיקן קרייז אַרום מיין טאַליע. אויפן קאָפּ האָב איך אַרויפגעצויגן אַ שווייצאַרישן הוט מיט אַ פעדער, דערצו אַ שוואַרצע פעלערינע מיט אַ לאַנגער שווערד ביים זייט. דאָס איז געווען אַ טיפּישער קאָסטיום, פאַר אַ פּראָווינציעלן מאַסקן־באַל.

עס קומט אונדזער ריי צו פאַרנעמען די בינע. ווי אויף די פּראָבן, לאָז איך מיך אַראָפּ פון די סצענישע טרעפּ, לען זיך־אָן אָן דער קאָלאָנע און הייב אָן מיין מאָנאָלאָג. פּלוצים האָב איך דערהערט אַן איבעריידן זיך אין אַ פאַר־שטיקטן געלעכטער. איך האָב פאַרגעזעצט. עס באַוויזט זיך מיין אָטעלאָ, און דאָ איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס ס׳איז שווער איבערצוגעבן. איך דערקען ניט מיין פּאַרטנער, מיין גוטן חבר פון רומעניע. גאָט מיינער! מורמל איך מיט שרעק, וואָס פון אַ מענטשן קאָן ווערן. זיינע אויגן זענען געווען ווי איבער־געדרייט. מען האָט אַרויסגעזען בלויז די ווייסלען, די הענט האָבן באַקומען אַ בלויען קאָליר, די פּיס האָבן געשפּאַנט ווי הילצערנע. און ער אַליין איז געווען אין אַ צושטאַנד פון אומגאַרמאַלקייט. עס איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז עס שטייט פאַר אַ קאַטאַסטראָפע, וווּ ער און איך וועלן זיין די קרבנות...

ווען ער איז צוגעקומען נענטער, האָב איך אים, שטיל, פון דער זייט, געפּרוווט באַרואיקן. אַלע מיינע באַמיאונגען זענען געגאַנגען לאיבוד. איך ווייס, אַז באַלד קומט דער מאָמענט, ווען זיינע צוויי הענט קלאַמערן זיך איין אין מיין האַלדז און ער שטויסט מיך אַפּ אָן אַ זייט. איך זאָל ווערט דאָס געלעכטער שטאַרקער... וואָס טוט מען? מען מוז דערפירן די סצענע ביזן סוף. מיטאַמאָל דערשפּיר איך ווי זיינע הענט כאַפּן אַרום ווי מיט צוויי אייזערנע רינגען, מיין האַלדז. ער שטיקט מיך מיט אַלע כוחות... איך אַפּעליר צו אים שוין אָפן, פּרוווּנדיק אומצוקערן אים אין אַ נאָרמאַלן צושטאַנד. עס הויבט אָן פעלן לופט... נאָך אַ מינוט און איך פאַרליר דעם באַוווּסטזיין. איך זאָל דערגייט דער געלעכטער ביז היסטעריע...

ערשט דאַן האָט זיך דערבאַרעמט מיכאָעלס און איבערגעריסן אונדזער סצענע מיט אַ צופרידענער שטים.

גענוג! אַ דאַנק! כ'האָב גאָרנישט געוווסט, אַז שיין איז ביי אונדז אַ קאָמיקער...

עמעצער האָט מיך אָפּגעריסן פון מיין פּאַרטנערס הענט און צוגעטראָגן אַ גלאָז וואַסער. די סצענע איז געווען אַראָפּגעריסן און איך דערקלערט אַלס קאָמיקער...

איצט, איז עס שוין פאַרגאַנגענהייט און מיר לאַכן ביידע איבער דעם...

*
**

ס'איז פאַרביי אַ יאָר. ווידער נייע פּראָבלעמען, וואָס ווערן קאָמפּליצירטער און עמפּינדלעכער. נאָר אַ געניטער פּעדאַגאָג האָט געקאָנט געפינען די ריכטיקע לייזונג. און באַשטאַנען איז די זאַך אין דעם, אַז טייל פון די סטודענטן וואָס האָבן באַדאַרפט אין זייערע סצענעס אַרויסברענגען אינטים־האַרציקע געפילן, האָבן איבערגעטראָגן, די זעלבע, אין לעבן. טיילמאָל האָט עס אפילו געהאָלפן, טיילמאָל געשטערט און געבונדן דעם צוקונפטיקן אַקטיאָר. ער איז געוואָרן, אויף דער בינע, ניט דרייסט, אַנגעשטרענגט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער גיט אַרויס דעם אייגענעם סוד, זיין אייגענע באַציאונג צו דער פּאַרטנערין. געווען איז מען אין עלטער פון 17 ביז 20 און די נאַטור האָט ניט געוואָלט מסכים זיין מיט שפּילן בלויז אין ליבע, נאָר פּראָוואָצירט אויף אויפריכטיקע געפילן. אַזוי איז געשען מיט אונדזערע ראָמעאָ און יוליאַ, וועלכע האָבן די זאַך גענומען אַזוי ערנסט, אַז נישט איינשטימענדיק מיט שעקספּירן צו ענדיקן מיט טויט, איידער אָן ליבע, זיינען געבליבן לעבן אין ליבע און שפּעטער חתונה געהאַט.

אויך איך בין געשטאַנען פאַר דעם נסיון, שוין אַ געוויסע צייט, ווי נאָכן רעפּעטירן מיט יעוואַ, אונדזער אויסצוג פון פּיאָטער און אַקסיושאַ, פון אָס־טראָווסקיס "דער וואַלד", טראַכט איך מער פון דער לעבעדיקער יידישער מיידל, ווי פון דער רוסישער אַקסיושאַ. דאָס דענערווירט מיך און שטערט. ווען מיר זענען אַליין אויף דער קליינער סטודיע־בינע האָבן מיר דעם פולן גלויבן, אַז מיר געפינען זיך אויף דער נאַטור אין וואַלד... איך נעם אַרום מיין אַקסיושאַ־יעוואַ, שפּאַס און דערשפּיר דעם כאַראַקטער פון פּיאָטערן, וועלכער איז אויסגע־וואַקסן אין פרייען פעלד. פּיאָטער איז געזונט, יונג, פריש ווי דער וואַלד און עס

טראָגט פון אים דער ריח פון סמאָלע און יאָדלע־ביימער. אויך זיין ליבע איז פריי, נאַטירלעך, טעמפעראַמענטפול און פּאָעטיש. ער איז אָנגעזאַפּט מיט זון, מיט ביימער־רויש, מיט פייגל־געזאַנג. מיר איז גרינג, ווען מיר זענען אַליין, אַרויסצוברענגען פּיאָטערס ליבע־ווערטער, עס פאַלט זיך צונויף מיט מיינע רייד, וואָס כ׳וואָלט וועלן זאָגן מיין האָמלער מיידל. דאָס געמיינזאַמע פון מיינע און פּיאָטערס געפילן, שאַפט דאָס אָרגאַנישע לעבן אין די געגעבענע באַדינגונגען.

נאָר אָט קומט די שעה פאַר אַקטיאָרישער מייסטערשאַפט. מיר באַדאַרפן דאָס זעלבע איבערלעבן אין דער אָנוועזנהייט פון צושויער, כאָטש דיינע חברים. דיך וועט קאָנטראָלירן אַ געניטער מייסטער, וואָס וועט שפּעטער, אַנאַליזירן דיינע פעלערן. אָט די נייע באַדינגונגען צווינגען קלאַפּן שטאַרקער דאָס האַרץ און בינדן דיך.

אויף דער בינע איז אַלץ גרייט. אַ טאַבורעט, אַ זאַק, אַ פּאָדיאָם. דאָס דאַרף מיט זיך פאָרשטעלן דעם מיטן פון אַ געדיכטן וואַלד. דער טאַבורעט — אַן אָפּגעהאַקטן בוים, דער זאַק — דאָס גרינע גראָז. דאַרפסט איצט פאַר־מאָגן דעם פולן גלויבן, אַז דאָס איז וואַלד און דו ביסט פּיאָטער און דיין מיידל אַקסיושאַ. מיר גייען אַרויף אויף דער בינע. איך הויב אָן די ערשטע ווערטער און עס טרעפן זיך אונדזערע אויגן און כ׳דערזע... ווידער מיין יעוואָן, מיט וועלכער מיר האָבן שפּאַצירט ביז פרימאָרגן, פאַר וועלכער איך האָט געהאַט אַזויפיל האַרציקע ווערטער. עפּעס גיט אַ טאָכקע. מיר דוכט, אַז כ׳פלאַפּל אויס דאָס טייערסטע, אַז איך פאַרלעץ מיינע געפילן און ברענג אַרויס פאַר אַלעמען דאָס, וואָס איז נוגע נאָר מיר, נאָר אונדז ביידן. אַ בייזקייט און פאַרדראָס נעמט מיך אַרום. כ׳הויב אָן פּלאָנטערן דעם טעקסט. עס קומט אַקסיושאַס ענטפער און איך קאָן מיך, צו ביסלעך, באַרואיקן, באַהערשן מיין צעשטרייטקייט און דערפירן אונדזער סצענע ביז צום סוף.

אפשר האָט די סיבה פון אונדזערע העמונגען געשטעקט אין אונדזער דער־ציאונג. מיר האָבן, ווי אַלע יוגנטלעכע, געליבט, געקושט און געצערטלט. אָבער שטענדיק איז עס געווען האַלב־פאַרבאָרגן און פאַרבאַהאַלטן פאַר פרעמדע אויגן. אַ קוש איז געווען עפּעס אויסערגעוויינלעכס.

היינט אין פּאַריז, ווען כ׳זיץ אין דער סטודיע פון פּיער וואיל אָדער טאַניאַ באַלאַשאָוואַ, איבערצייג איך מיך, אַז די דאָזיקע פּראָבלעם עקזיסטירט לגמרי

ניט פאַר די פּראָנצויזישע יוגנטלעכע. אויב די סיטואַציע פאָדערט, אַז דער יונגער בחור זאָל זיך דערקלערן אין ליבע, באַגלייט מיט פּילצאָליקע קושן און צערטלען, ווערט עס געטאָן מיט דער אָפענער נאַטירלעכקייט.

ביז היינט האַלט איך אויף דאָס געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו מיין סטודיע־דערציער אַלעקסאַנדראַ אזארך (די פרוי פון רעזשיסער גראַנאָווסקי), וועלכע האָט מיר געהאָלפן צו באַפרייען זיך פון אַן איבעריקער צעשטרייטקייט און אָנגעשטרענגטקייט און געפינען די נאַטירלעכע פרייהייט אויף דער בינע ווי די קונסט פון קאָנען קאָנצענטרירן די אויפמערקזאַמקייט פון צושויער אָדער צו־הערער בעת מיין אַרויסטרעטונג.

אַזאַ שעפערישע אַרבעט, מיט צוקונפטיקע יידישע אַקטיאָרן, האָט דורכ־געפירט בנימין זוסקין. ער האָט פאַרמאָגט וואָס איבערצוגעבן זיינע שילער, שעפנדיק פון זיין רייכער פּראַקטיק פון אַרבעט איבער ווערק פון יידישער און וועלט־ליטעראַטור.

אַ וויכטיקן פּלאַץ אין דערציען די יידישע טעאַטער־יוגנט האָט פאַרנומען די פּעדאַגאָגישע אַרבעט פון שרה ראָטבוים, וועלכע האָט פאַרמאָגט איר קורס פאַר אַקטיאָרישער מייסטערשאַפט און געלערנט ווי צו פאַרבעסערן די פאָנעטישע און דיקציאָנעלע פעלערן. שרה ראָטבוימען איז אויסגעפאַלן אַ שווערע אַרבעט, פון קענען אויסגלייכן דיאַלעקטן פון שילער פון פאַרשיידענע לענדער און געגנטן. אַ בחור פון אוקראַינע האָט גערעדט אַנדערש ווי אַ מיידל פון ווייס־רוסלאַנד, אַ יוגנטלעכער פון ליטע אַנדערש ווי זיין חבר פון פּוילן. ביים ענדיקן, האָבן אַלע גערעדט אויף אַ געמיינזאַמער שפּראַך אויף דער בינע.

אָפטע געסט אין דער סטודיע זענען געווען אונדזערע יידישע שרייבער, וועלכע פלעגן אַהערקומען בכדי "אָנצוואַרעמען זיך" (ווי מאַרקיש פלעגט זיך אויסדריקן). זיי האָבן דאָ איטלעכן געקענט און די סטודענטן האָבן זיך גע־פריידט מיט זייער קומען. פאַר די שרייבער איז עס געווען אַ לעבעדיקער אינדזל פון יידישלאַנד, צו וועלכן עס האָט זיי געצויגן. אין דעם טומל און געלעכטער, ווי אין דעם ערנסט פון לימודים מיטן לעבעדיקן וואָרט פון פּרץ און שלום־עליכם, פון שעקספּיר און מאָליער, האָבן זיי זיך געפילט באַרואיקט. דאָ איז געשטאַרקט געוואָרן די זיכערקייט, אַז יידיש און יידישע ליטעראַטור זענען נאָך אַן ענין; די יוגנטלעכע וועלן עס שפּעטער איבערגעבן טויזנטער צושויער

אין טעאַטערן פון מאָסקווע, קיעוו, מינסק, אָדעס, ביראָבידזשאַן און אַנדערע שטעט.

פאַר דער מערהייט פון אונדזערע סטודענטן זענען די יאָרן, פאַר־בראַכטע אין דער טעאַטער־סטודיע, פאַרבונדן מיט די בעסטע דערינערונגען. גלייכצייטיק, זיינען זיי יאָרן פון פאַרלוירענע חברים, נאָענטע און פריינט.

געווען איז עס אין די דרייסיקער יאָרן, ווען אויף דעם מאָסקווער פּלאַץ פון דער קאָנסטיטוציע, באַשיינט מיטן אָבעליסק פאַר מענטשן־רעכט, איז גע־האָנגען אַ ריזן־פּלאַקאַט מיט אַ דראָענדיקער פויסט. די דאָזיקע פויסט, גע־דעקט מיט אַן אייזערנער שטעכיקער הענטשקע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ יעזש (אַן אָנדייטונג אויף יעזשאָוו) האָט אומברחמנותדיק געקלעמט צווישן די פינגער "פיינט פון פאָלק": דיווערסאַנטן, שפּיאָנען, טראָצקיסטן "וורע־דיטעלעס". דער פּסק־דין פאַר זיי — טויט. דער אויפשריפט אונטערן פּלאַ־קאַט "יעזשאָוויע רוקאַוויצי". דאָס איז געווען אַ לויב פאַר דעם דעמאָלטיקן פירער פון דער ג. ק. וו. ד. יעזשאָוו, וועלכער איז באַקאַנט געווען מיט זיין סאַדיזם און אכזריותדיקייט ביים אומברענגען צענדליקער טויזנטער אומשול־דיקע מענטשן.

אונדז, סטודענטן, פון דער יידישער טעאַטער־שול, איז אויסגעקומען טאָג־טעגלעך צו זען די גראָע וואַנט מיט איר דראָענדיקער פויסט. די דאָזיקע פויסט האָט דערמאָנט אין אַרעסטירטע פריינט און חברים, וואָס זענען נאָך זייער אַרעסט פאַרשוווּנדן אויף אייביק.

די יידישע טעאַטער־שול האָט געצויגן צו זיך, נישט נאָר טאַלאַנטירטע יוגנט פון ראַטן־פאַרבאַנד, נאָר פיל פון אויסלאַנד, פאַר וועלכע אָנגענומען צו ווערן אין דער סטודיע איז געוואָרן אַ לעבנס־ציל. אַ טעאַטער־שול ביים באַ־רימטן מאָסקווער יידישן טעאַטער, מיט באַוווּסטע בינע־מייסטערס אַלס דער־ציערס, מיט אַ סטיפּענדיע און בורסע, מיט דער מעגלעכקייט צו לעבן אין דער הויפּט־שטאָט פון גרויסן ראַטנפאַרבאַנד, האָט צונויפגעבראַכט אַהער יידישע יוגנט פון פוילן, רומעניע, ליטע, אורוגוואַי, קאַנאַדע און אַנדערע לענדער.

דאָס קומען קיין ראַטנפאַרבאַנד און שטודירן שוישפּילער־קונסט האָט די מערהייט פון זיי פאַרווירקלעכט נאָך פאַרפאָלגונגען און תפיסות, נאָכן גנבענען די גרענעץ (איבערהויפּט יוגנטלעכע פון פוילן) — כדי צו לעבן אין דעם סאָציאַליסטישן לאַנד און ווערן יידישע אַקטיאָרן.

נישט קיין סיבות פון אַ זאַט און רייך לעבן, האָט געצויגן די יוגנט קיין ראַטנפאַרבאַנד. זיי האָבן דאָ געזוכט דעם פאַרווירקלעכטן טרוים פון דורות רעוואָלוציאָנערן, פון לעבן אין אַ לאַנד ווו ביזט גלייך מיט גלייכע, ווו עס עקזיסטירט נישט קיין ראַסן־ און נאַציאָנאַלער האַס, ווו עס איז אָפּגע־מעקט עקספּלואַטאַציע פון מענטש איבער מענטש, ווו דו ווערסט געשעצט אַלס מענטש.

די ערשטע צייט זענען זיי געווען גליקלעך. עס האָט נישט געשטערט, דאָס נישט דערעסן, דאָס שלעכטע אָנטאָן. מען האָט פאַרשטאַנען, אַז ווען מען בויט פון דאָסניי מוז מען איינציען דעם פּאַסיק. מען איז געווען יונג און יעדער איז געווען זיכער, אַז עס דערוואַרט אים אַ פּרעכטיקע פּערספּעקטיוו.

און דאָ איז אָנגעקומען די טרויעריק־שרעקלעכע צווייטע העלפט פון די דרייסיקער יאָרן און אַלץ האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. עס האָבן אָנגעהויבן פאַר־שווינדן אייגענע, נאָענטע, איבערגעגעבענע סאָוויעטישע בירגער.

באַזונדערס טראַגיש איז די צייט געווען פאַר די סטודענטן פון דער יידי־שער טעאַטער־שול. עס איז שווער צו זאָגן, וואָס איז געווען פאַר זיי פּיינלע־כער, צי די שרעק פון פאַרשיקונג און טויט, אָדער דער ווייטיקדיקער געפיל פון ווערן אומזיסט באַשולדיקט אין זיין פיינט פון אַ לאַנד, וואָס זיי זענען געווען איבערגעגעבן מיט זייער גאַנץ וועזן.

ווען כ׳טראַכט היינט וועגן יענע יאָרן קומען מיר אויפן זכרון די רעגנדיקע האַרבסט־טעג, ווען אין אַ צימער פון דער צוזאַמענוווינונג האָבן מיר געפּראַ־וועט אונדזערע "געזעגנונגס־באַנקעטן".

עס זענען שוין געווען אַרעסטירט גינזבורג, שוכמאַכער, פּעשקינאַ, וואַ־סערייך. אַבראַשע גינזבורג איז געווען שיין, הויך, ברייט. ער האָט רעפּעטירט אַן אויסצוג פון "ראָמעאָ און יוליאַ" פון שעקספּיר. קיין בעסערן ראָמעאָ, האָט די יידישע בינע זיך נישט געקאָנט ווינטשן. אַ פּרעכטיקע שטים, אַ שטורמישער טעמפּעראַמענט.

אַבראַשע איז אַרעסטירט געוואָרן פון די ערשטע. עמעצער האָט דערציילט, אַז ער איז אומגעקומען בעת אַ דעמאָנסטראַציע אין לאַגער. נישט אויסהאַלטנדיק

מער דאָס איזדעקעווען זיך און די אוממענטשלעכע קאַטאָרזשנע אַרבעט פון שלעפּן שטיינער פון איין פּלאַץ צום צווייטן און צוריק דאָסזעלבע, איינזעענדיק, אַז מען גייט זיי פאַרפּייניקן דורך אויסצערן ביזן טויט, איז איין אַ פרימאָרגן אַ גרופּע אַרעסטירטע אַרויס צו דער אַרבעט מיט זייערע קירקעס, זינגענדיק דאָס רעוואָלוציאָנערע ליד:

„קרבנות געפאַלן מיר זענען,
אין גורלדיקן שלאַכט“.

זיי זענען געוואָרן אַרומגערינגלט און דערשאָסן. אַבראַשע גינזבורג איז געווען אין שפּיץ פון דער דעמאָנסטראַציע און געפאַלן צווישן די ערשטע.

עמעצער פון אונדז האָט אין אָט די טעג צוגעטראַכט די „געזעגנונגס־באַנ־קעטן“. אין די פאַרנאַכטן פלעגן מיר זיך צונויפנעמען (אין דער מערהייט חברה פון אויסלאַנד, כדי ניט אַריינצוציען „אומשולדיקע“), אַרויסלייגן די לעצטע קאָפּיקעס איינצוקויפן דעם שוואַרצן ברויט, אַ הערינג און דעם האַלבן ליטער בראָנפן. און ווען דער טיש איז געווען גרייט, פלעגט זיך אָנהויבן דער געוועט, וועמען עס איז באַשערט צו ווערן אַרעסטירט און וועמען באַדאַרף מען אָפּריכטן דעם „באַנקעט“.

עס פלעגט זיך אויפהויבן אַ געשריי מיט אַ געפּילדער, אין וועלכן עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין וואָס עמעצער רעדט. מען האָט זיך געאַמפּערט, מ'האָט דיסקוטירט. יעדער האָט אומבאַדינגט געוואָלט באַווייזן, אַז עס איז זיין ריי און ניט דעם באַרואיקן זיין חבר.

די פּנימער זענען געווען צעהיצט. די אויגן האָבן געגלאַנצט מיטן ברען פון קראַנקע, דאָס יונג־אַקטיאָריש בלוט האָט געקאָכט פון פּיין און פאַרדראָס. אַ סאַרקאַזם און איראָניע צו אַלץ און צו אַלעמען האָבן איצט פאַראייניקט די מענטשן אַרום דעם טיש. און ווען די כוחות זענען געווען אויסגעשעפּט איז דער מער דרייסטערער אויפגעשטאַנען, דערגאָסן דעם בראָנפן אין די גלעזער און שטיל־צעצויגן אַרויסגעבראַכט:

— פאַרבלייבט געזונט, חברים.

דאַן פלעגט זיך אַלץ באַרואיקן. איינע פון די מיידלעך, נאָך אַזאַ טאָסט, פלעגט זיך אַרויסרייסן אויף דער גאַס, כדי צו פאַרשטיקן איר געוויין און ניט באַשווערן דעם, וואָס באַדאַרף אַוועקגיין. די איבעריקע האָבן, אין דער שטיל, דערטרונקען דעם בראָנפן.

אַרום עלף אין אָוונט האָט מען געהערט אַריינפאָרן אַן אויטאָ, עטלעכע מינוט שפּעטער זענען שוין אויפן שוועל געשטאַנען צוויי נ. ק. וו. ד.־לייט. די אָנשטרענגונג פלעגט דערגייען ביז אויסגעשריי: וועמען? וועלכער נאָמען? ווער איז דער "זיגער"?

די מיליטערלייט האָבן זיך נישט געאיילט, נאָך אַ שטודירן די געבראַכטע פּאַפּירן, שרייען זיי אַרויס:

— קאַנעווסקי יעסט?

קאַנעווסקי שטעלט זיך אויף. זיין פּנים איז בלאַס, ער קוקט אויף זיין מיידל, אויף די חברים און גיט אויף שנעל אַ וואָרף:

— איר זעט, איך בין געווען געךעכט. איך האָב געוווּנען דעם געווּעט.

דער, וואָס האָט פריער אָנגעגאָסן דעם בראָנפן און זיך מיט אַלעמען גע־זעגנט, דער, צוליב וועלכן, דאָס מיידל איז אַרויסגעלאָפן מיט אַ געוויין, איז איצט געזעסן אַן אָפּגענאַרטער און פאַרשעמטער. ער האָט ניט געקוקט אין דער זייט פון אַוועקגייענדיקן חבר, פאַר וועלכן ער האָט געליטן, ניט ווינציקער ווי פאַר זיך.

מאָרגן וועט מען אים נעמען, מאָרגן אָדער איבערמאָרגן. דאָס וועט אומ־באַדינגט קומען. איצט זעט ער, אַז ער איז גערעכט. ער איז פּונקט אַזוי "שול־דיק" ווי קאַנעווסקי, בלויז זיין ריי אין דער ליסטע איז שפּעטער, פּשוט אַ פראַגע פון אַ ריי און נישט פון קיין שולד.ביידע זענען שולדיק אין דעם זעלבן "פאַרברעכן" — געקומען פון אויסלאַנד, ד. ה. אַגענטן, שפּיאָנען פון פּוילן, פון רומעניע, פון אורוגוואַי, פון...

קאַנעווסקי נעמט אַ פּאָר וועש, דערטרינקט דעם בראָנפן, פּרוווט אַ שמייכל־טאָן צו די חברים און פאַרשווינדט הינטער דער טיר, פאַרשווינדט אין דער אייביקייט.



„טביה דער מילכיקער",
לויט שלום־עליכם (1937).
אַ סצענע פֿון דער פֿאָרשטעלונג :
טביה — ש. מיכאָעלס.
גאָלדע — ל. ראָם.

ערגעץ אין דרויסן פאַרקלאַפּט זיך אַ טירל פון אַ רווישנדיקן אויטאָ און באַלד ווערט ווידער שטיל. נאָר דער רעגן גיסט און גיסט אָן אויפהער. מיר צעגייען זיך אָן אַ ״גוטע נאַכט״, כדי זיך טרעפן מאָרגן ביים טיש מיטן פריש־געשניטענעם ברויט און בראָנפן.

**
*

עס איז נאָך דער פאָרשטעלונג ״שולמית״ אין וועלכן די מערהייט פון אונדז, סטודענטן, איז פאַרנומען. די שטימונג אַ הייטערע. מיר האָבן ליב די פאָרשטעלונג, וואָס פאַרמאָגט פיל ליכט און פרייד, געזאַנג און טאַנץ. מען פאַרגעסט אָן די שווערע טעג, אָן דעם פחד און געפאַר. עס איז אַ גוטער געפיל נאָך אַ פאָרשטעלונג, וואָס פאַרכאַפּט און מאַכט שטאַרקער קלאַפּן דאָס האַרץ און שנעלער פליסן דאָס בלוט. נעמסט מיט דעם געניוס פון דער בינע, פון זיין אַרויסגעשטעלט אויפן צושויער. מיר גייען צוזאַמען, בחורים און מיידלעך, מיט שפּאַס און געלעכטער. אַריינגעכאַפּט זיך, אין גאַנג, אויפן טראַמוויי 17 און באַלד זענען מיר אין אונדזער צוזאַמענוווינונג. היינט זענען מיר געווען צוזאַמען און אַלץ איז אַדורך בשלום. אמת, מיט אַ וואָך צוריק האָט מען צוגענומען האַראָוויצן אונדזער פאָרשטייער פון רומעניע. אָבער די צוויי מיט אַ האַלבער שעה שפּיל ווירקט ווי אָפּיום און מאַכט אין אַלץ פאַרגעסן.

דער קאָנדוקטאָר מעלדעט:

— טריפּאַנאָווסקי סטודגאָראָדאָק (טריפּאַנאָווער סטודענטן־שטעטל).

מיר גיבן זיך אַ שיט־אַרויס און איילן צו אונדזערע קאָרפּוסן.

ביים אַריינגאַנג שטייט מאַניאַ דוליצקאַיאַ:

פאַרוואָס איין אַליין אין דער שפּעטער שעה? וואָס איז געשען? מיר באַווייזן ניט צו פרעגן, ווי מאַניאַ גיט שטיל אַ זאָג:

— היינט אַרום עלף האָט מען צוגענומען באַסיען.

באַסיע איז ניט געווען פאַרנומען אין דער פאָרשטעלונג און דעם אָוונט פאַרבליבן אין דער היים.

באַסיע איז אַוועק פון אונדז אָן אַ געזעגנונגס־באַנקעט...

**
*

1963. הונדערטער מאַשינען טראָגן זיך איבער די ברייט־אַספאַלטירטע מאָסקווער גאַסן. פיל יוגנט, פיל זון, פיל פאַרב, פיל קינדער אויף די סקווערן. אויפן פלאַץ, וווּ עס איז געשטאַנען דער אָבעליסק, הויבט זיך אַרויס דער גראַניט־שטיינערנער רייטער פונעם גרינדער פון מאָסקווע — איוואַן דאָלגאָרוקי. אויפן אָרט פון דער גרויער וואַנט, אַ זעקס־שטאָקיק הויז, און וווּ עס איז געווען די טעאַטער־שול — אַ רעגירונגס־אַרכיוו. עס איז סימבאָליש.

געווען דאָ פרייד און פּיין, ליבע און האָפענונג, שאַפונג און ליידן פון אַ גלענצנדער יידישער טאַלאַנטירטער יוגנט.

ווי טרויעריק אָפט מיר באַנוצן דאָס וואָרט געווען...

ביטאָג איז אין טעאַטער־הויף אַריינגעפאָרן אַ פאַרמאַכטער לאַסט־וואָגן. צוויי מיליטער־לייט האָבן מיט געניטער דערפאַרונג אַראָפּגענומען פון לאַסט־אויטאָ פאַרשיידענע קאַסטנס און געטראָגן אין די הינטער־קוליסן.

דער אָפּגעטיילטער גרים־צימער פון שלמה מיכאָעלס איז, ביסלעכווייז, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טרינק־האָל: מיט פאַרשיידענע ווײַנען, ספּירט־געטראַנקען און פאַרבייסנס. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז אויף דער היינטיקער פאָרשטעלונג באַדאַרף אָנקומען עמיצער פון די הויכע פאַרטיי־ אָדער רעגירונגס־לייט.

נאָך אַ שטרענגער קאָנטראָל פון דער טעאַטער־געביידע, בינע און אַרומיקע צימערן, זענען אַזייגער זיבן אין אָוונט אָנגעקומען עטלעכע אויטאָס. אַ היפּשע צאָל ציוויל־געקליידעטע פאָרשטייער פון דער נ. ק. וו. ד. האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער ביים אַריינגאַנג פון צושויער־זאַל, דורכגאַנג פאַר די אַקטיאָרן און אָקופּירט די אויבערשטע רעגירונגס־לאָזשע.

די, וואָס האָבן געבראַכט די קאַסטנס מיטן עסנוואַרג, האָבן איצט אַראָפּגעוואָרפן די מונדירן און זיי פאַרביטן אויף ווייסע קעלנער־רעק, פאַרבלייבנדיק אין גאַליפע־הויזן, מיטן נאַגאַן אין דער הינטער־קעשענע און שוואַרץ־געפּוצטע שטיוול. די קעלנער האָבן מיט פלייס געווישט די גלעזער, אָנגעגאָסן אין זיי דעם לימאָנאַד און געפּרוווט צי ער איז נישט פאַרגיפטעט. פאַר דעם וואָלטן זיי געענטפערט מיטן לעבן. וועט דאָך דער, וואָס באַדאַרף שפּעטער טרינקען פון דעם גלאָז, אָפּוואַרטן, ביז די וואָס טראָגן אים צו, וועלן פריער אַליין נישט פאַרזוכן.

הינטער די קוליסן, אין די גרים־צימערן, איז אָנגעגאַנגען די צוגרייטונג צו דער פאָרשטעלונג. בנימין זוסקין האָט זיך גרימירט פאַרן גזלן בויטרע. אים אַנטקעגן האָט דער שוישפּילער פינקעלקרויט געקלעפּט די באָרד פאַר דעם שטעטלשן פּרנס.

אין די אַלגעמיינע צימערן האָבן מיר, חברה פון דער טעאַטער־סטודיע, זיך געקליידעט און גרימירט פאַר די שטעטלשע בית־מדרש־יידן, אָרעמעלייט, גזלנים און סתם קבצנים.

דער אַלטער איינאויגיקער פּערעץ, וואָס איז אַרומגעלאָפן פון איין צימער אין צווייטן, אויסטיילנדיק די אַקטיאָרן זייערע בינע־קליידער, האָט געהאַלטן אין איין באַרואיקן דעם אומרואיקן עולם, מיט זיין באַקאַנט ווערטל.

— ניטשעוואָ, ניטשעוואָ, אָפּערע פּאָידיאָט (מאַכט נישט קיין ווען, די אָפּערע וועט גיין), אַלע פאָרשטעלונגען: קאָמעדיעס, טראַגעדיעס, אַפילו באַלעט, האָבן ביי אים געהייסן אָפּערע.

פון דער אָפענער טיר, האָט עמיצער אַרויסגעשריען:

— פּערעץ, ווו איז מיין קאַמזויל?!
— פּערעץ! די באָרד איז ווידער ניט אויף איר פּלאַץ?
— פּערעץ! איך קאָן ניט געפינען מיין הויקער!

אַזוי האָט מען פון אַלע זייטן גערופן דעם פאַרמאַטערטן יידן, וואָס האָט איילנדיק פון איין צימער אין צווייטן, אונטערגעזונגען:

— פיגאַראָ טוט, פיגאַראָ טאָם. און איבערגעבנדיק דעם שוישפּילער זיין הויקער, צוגעגעבן:

— ניטשעוואָ, ניטשעוואָ, אָפּערע פּאָידיאָט.

עס האָט זיך אָבער געשפּירט אַ נערוועזיטעט ביי די אַקטיאָרן.
ווער באַדאַרף היינט אָנקומען? אפשר ער אַליין?

— קיין אַנדער זאָרג, האָט ער ניט. אַזאַ אומרואיקע צייט! יעדן טאָג נייע פּראָצעסן. שונאים, שונאים פון אַלע זייטן.

— גענוג צו פלאַפּלען, זעט בעסער היינט גוט צו שפּילן — האָט זיך אָפּגערופן אַן עלטערער אַקטיאָר.

דער געהילפס־רעזשיסער האָט געמאָלדן, אַז מען זאָל פאַרענדיקן מיט דער צוגרייטונג, ער גיט דעם דריטן קלונג.

פון פאַרשיידענע ערטער האָט אָפּגעקלונגען די זעלבע גיריקע פראַגע צו אים:

— דער גאַסט איז שוין אין זיין לאָזשע?

— יאָ.

— ווער?

— לאַזאַר מאָיסעיעוויטש קאַגאַנאָוויטש!

דער געהילף איז גיך פאַרשוווּנדן. די אַקטיאָרן זענען איצט אַראָפּגעגאַנגען פון די טרעפּ צו דער בינע. דער טעקסט פון דער פּיעסע האָט זיך געמישט, מיט טראַכטענישן וועגן דעם אומגעריכטן גאַסט.

לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש, די רעכטע האַנט פון סטאַלינען, נאָר־וואָס געקומען פון אוקראַינע. ער האָט דאָרט איינגעפירט "אָרדענונג".

— אויב איר וועט נישט אויספירן דעם געגעבענעם פּלאַן, וועט איר ענט־פערן מיט אייערע קעפּ? — אַזוי האָט ער איינגעטענהעט צו די דירעקטאָרן פון גרויסע זאַוואָדן, פּאַרטיי־פאַרשטייער, מיניסטאָרן. און ער האָט געהאַלטן וואָרט. קעפּ זענען געפאַלן. נאָר די מער געניטע, די, וואָס האָבן געקאָנט דאָס לעבן אויף זייער אייגענער ביטערער דערפאַרונג, האָבן אָנגעגעבן פאַלשע ציפערן פון אויסגעפילטע און איבערפילטע אויפגאַבן, די צוגעטראַכטע פּלענער זענען געגאַנגען קיין מאָסקווע, און געדינט ווי אַ באַווייז, אַז לאַזאַר מאָיסעיעוויטש איז דער מענטש, וואָס ווייס ווי מיט זיי צו ריידן, ווי איינצופירן "אָרדענונג".

אָפיציעל איז ער אין די דרייסיקער יאָרן, געווען דער פאָלקס־קאָמיסאַר פאַר טראַנספּאָרט, פאַקטיש דער וואָרטזאָגער אויף פיל געביטן. עס איז געווען גוט באַקאַנט, אַז דאָרט, וווּ ס'איז אַ דורכברוך אין דער ווירטשאַפט, ווערט אַהין געשיקט לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש.

די אויבערשטע רעגירונגס־לאָזשע, איז געווען אָפּגעזונדערט פונעם צו־שויער־זאַל. נאָר איינצעלנע האָבן געקאָנט באַמערקן, אַז עמעצער געפינט זיך דאָרט.

די רעכט אַהין אַריינצוקומען האָט באַקומען בלויז דער טעאַטער־עלעק־טריקער, וואָס האָט באַדאַרפט צוקומען צו די פּראָזשעקטאָרן.

ביי דער פאַרמאַכטער טיר פון דער לאָזשע זענען איצט געשטאַנען צוויי באַוואָפנטע יונגעלייט.

אַראָפּנידערנדיק די טרעפּ, האָבן מיר געוואָרט אויף דער עפענונג פונעם פאָרהאַנג. אין צושויער־זאַל איז דאָס ליכט שוין געווען אין האַלב־טונקל. די מעכטיקע פּראָזשעקטאָרן האָבן געוואָרפן אַ בלויע נאַכט־שיין אויפן פאָרהאַנג. דער אָרקעסטער, אונטער דער לייטונג פון קאָמפּאָזיטאָר לייב פולווער, האָט געשפּילט די אוווערטורע. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די פאָרשטעלונג "בויטרע" לויט דער פּיעסע פון משה קולבאַק.

די בינע האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ וועג, וואָס פירט אין שטעטל. שוואַרץ־שטאַמיקעביימער, ביזן הימל. אַ בלאַסע לבנה־ליכט האָט אויסגע־טיילט דעם גזלן בויטרע, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויפן מיטן וועג, דעם קאָפּ אונטערגעשפּאַרט מיטן פויסט און אַרויפגעקוקט צו די ביימער. 25 יאָר איז ער פאַרשקלאַפט געווען אין דער ניקאָלאַיעווסקער אַרמיי. מיט 25 יאָר צוריק, האָבן אים, דעם אָרעמען יינגל, נאָכגעיאָגט די כאַפּערס און אָפּ־געגעבן אין סאָלדאַטן, אויסקויפנדיק מיט אים די רייכע זינדלעך. איצט איז ער צוריקגעקומען נעמען נקמה.

אין זוסקינס שטים האָט מען געפילט אַ לייכטן ציטער, וואָס ער האָט זיך באַמיט בייצוקומען. שפּעטער האָט זיין קול גענומען קלינגען אַלץ פעסטער און זיכערער.

פויגלען זיצן אויף די צווייגן,<br>
נאָר עס זינגט ניט קיינער.<br>
אויף די שליאַכן ליגן אומעטום,<br>
די רעקרוטסקע ביינער...

אין דער צייט פון זיין זינגען, פלעגן מיר, די העלפער און נאָכפאָלגער, זיך באַווייזן אויף דער בינע. נאָך דער סצענע, האָבן מיר זיך שנעל באַדאַרפט איבערטאָן פאַר קבצנים, קאַליקעס, כדי אַרויסצוקומען אויף דער חתונה ביים פרנס.

די דראָזיקע קבצנים־מאָסע האָט באַדאַרפט שאַפן די אַטמאָספער פון דעם יידישן שטעטל אין אָנהויב 19־טן יאָרהונדערט. אין דער פאַרשטעלונג האָט מיכאָעלס פיל אַריינגעבראַכט פון פרצעס ״ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק״, אונטער דער רעזשי פון גראַנאָווסקין, אָבער אָן גראַנאָווסקיס צוגאַנג פון באַדינגלעכן סימבאָליזם, נאָר מיט דער מאָס פון שטייגער־נאַטוראַליזם. דערדאָזיקער, ווי כ׳וואָלט געזאָגט, שרייענדיקער נאַטוראַליזם, האָט פון זיין זייט, באַשאַפן אַ שווידערלעכע אַטמאָספער פון פעסימיזם און פאַרצווייפלונג.

נאָכן צווייטן אַקט האָט מען איבערגעגעבן, אַז מיכאָעלס קומט נישט אַרויס פון דער פאַרמאַכטער לאָזשע, אַז דאָרט ווערט געפירט אַ וויכטיקער געשפּרעך מיט קאַגאַנאָוויטשן. די שטימונג איז געוואָרן געפּרעסטער.

פאַרוואָס איז קולבאַק ניט פאַראַן אין טעאַטער ? — האָט דער אַלטער אַקטיאָר געפרעגט — האָט מען אים ניט צוויסן געגעבן, ווען מען דער־וואַרט היינט ?

— ווער ווייס פון פאַרויס, ווער עס דאַרף קומען ?

— און אפשר איז עס געשען אַזוי אומדערוואַרט, אַז מען האָט ניט באַוויזן.

— ס׳קאָן זיין — האָט זיך אַריינגעמישט פערעץ — אַז מען האָט שוין פאַר־שטאַנען נאָכן ערשטן אַקט, אַז אים, קולבאַקן, איז בעסער, צו זיין פון דער ווייטנס.

דאָס טעאַטער־גלעקל האָט גערופן צום דריטן אַקט. צום צושויער איז דערגאַנגען, אַז אין זאַל געפינט זיך קאַגאַנאָוויטש, אַלעמענס אויגן זענען געווען געווענדעט צו דער טונקל־פאַרמאַכטער לאָזשע.

ביי פיל יידן האָט דער נאָמען קאַגאַנאָוויטש אַרויסגערופן אַ געוויסע סאַ־טיספאַקציע, און אַפילו שטאָלץ, וואָס אַן אונדזעריקער פאַרנעמט אַזאַ וויכטיקן

פאַסטן אין לאַנד. דאָס האָט באַשאַפן די אילוזיע פון אַ זיכערקייט. ביי אַנ־
דערע אַ שרעק פאַר די מעשים, וואָס דער "גרויסער ייד" דערלויבט זיך.

די פאַרשטעלונג איז געגאַנגען צום סוף. ווען דער פאָרהאַנג האָט זיך
אַראָפּגעלאָזט און דער עולם האָט זיך געקליבן צו אַפּלאָדירן האָט מען באַ־
מערקט, אַז אין דער רעגירונגס־לאָזשע איז קיינער ניט פאַראַן, ד. ה. דער
גאַסט האָט ניט אַפּלאָדירט, ניט באַדאַנקט די אַקטיאָרן, וואָס האָבן זיך היינט
אַזוי געמיט. דאָס איז אַ שלעכטער סימן.

די מערהייט האָט זיך געאיילט צום אַרויסגאַנג, וואָס גיכער צו פאַרשווינדן
פון "נייגעריקע" אויגן.

די אַקטיאָרן האָבן געשטיגן צו די גרים־צימערן. דער פּרנס האָט אויפן
וועג אַראָפּגעצויגן דעם פאַרוק און באָרד, וועלכע האָבן אים געפּרעסט און
געשטערט פריי צום אָטעמען.

די קעלנער, האָבן אויסגעטאָן די ווייסע רעק. זיי זענען געבליבן אין די
מונדירן. דער בופעט האָט זיך געגרייט "אָוועקצופאָרן".

מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר באַדאַרפן זיך איצט אויסשטעלן פון ביידע
זייטן טרעפּ, שאַפן אַן ערן־וואַך און מיט אַפּלאָדיסמענטן אַרויסבאַגלייטן דעם
גאַסט. אַזוי האָט עמעצער איינגעפירט. אַזוי האָבן מיר זיך געפירט, ווען דעם
טעאַטער האָט באַזוכט מאָלאָטאָוו מיט זיין יידישער פרוי זשעמטשוזשינאָוואַ, שפּע־
טער קלימענט וואָראָשילאָוו אויך מיט זיין יידישער פרוי (וואָס האָט אים אי־
בערזעצט פון יידיש) א. אַ. אָבער היינט האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז די
ערן־וואַך ווערט אָפּגעשאַפט, אַז אַלע אַקטיאָרן קלייבן זיך צונויף אין דער
טעאַטער־פאָיע.

דער זייגער איז געווען נאָך עלף ביינאַכט.

אויף די טרעפּ האָט זיך באַוויזן דער האַלב־פאַרלאָרענער טעאַטער־דירעק־
טאָר. ער האָט אַריינגעשריען אין פאַרשיידענע צימערן.

— אַלע קלייבן זיך צונויף שוין. גיין אין קאָסטיום און גרים פון דער

געשפּילטער ראָל. דער גאַסט האָט נישט קיין צייט, פֿאַרהאַלט נישט, חברים, שנעלער !

מיר האָבן געטראַכט וועגן מיכאָעלסן. וואָס איז מיט אים געשען ? פֿאַר־וואָס זעט מען אים ניט ? וואָס איז די סיבה פֿון דער נאַכטיקער פֿאַרזאַמלונג ?

מיר זענען אַדורך דעם זאַל, כדי אַרויסצוקומען צו דער פֿאָיע. די לעצטע טעאַטער־באַזוכער האָבן מיט שרעקיקע אויגן אונדז נאָכגעפֿאָלגט.

די טיר פֿון אַרויסגאַנג איז געוואָרן געשלאָסן. צוויי יונגעלייט האָבן בײַ איר געוואַכט.

ווען די אַקטיאָרן האָבן אין דער פֿאָיע דערזען דעם פּעסט־געבויטן מי־כאָעלסן, האַלב־פֿאַרשטעלט פֿון דעם הויכוווקסיקן און שווערלײַביקן קאַגאַנאָ־וויטשן, איז דער אומרו אײַנגעשטילט געוואָרן. בנימין זוסקין האָט זיך מיד אַרײַנגעזעצט אינעם פֿאָטעל. דער פֿאַרוק פֿון בויטרען האָט אים געשטערט. ער האָט זיך געמיט פֿון אים צו באַפֿרײַען. בלײַבנדיק מיט צעשטרײַטע האָר, וואָס האָבן קוים פֿאַרדעקט זײַן פּליך. ער האָט געקוקט אויף די אַרומיקע און געפּרוווט אַ שמייכל־טאָן. זײַן שוישפּילערישע אינטואיציע האָט אים אונטערגעזאָגט, אַז עפּעס איז דאָ נישט אין אָרדענונג און מיטן שמייכל מן־הסתם געוואָלט געפֿינען זײַן אינערלעכע גלײַכגעוויכט.

די רוסישע באַגלייטער פֿונעם מעכטיקן הערשער האָבן זיך געזעצט אין דער זײַט, נישט באַנעמענדיק, וואָס לאַזאַר מאָיסעיעוויטש האָט דאָ צוגעטראַכט. וואָס וויל ער פֿון די אַקטיאָרן ?

אָבער ווי טרייע היטער, האָבן זיי גוט פֿאַרשטאַנען זייער פֿליכט. זייערע פּנימער האָבן אויסגעדריקט לאַנגווייל, גלײַכגילט און טעמפּע געהאָרכזאַמקייט.

— נו, דאוואיטע, מירן צוטרעטן — האָט אויסגערופֿן קאַגאַנאָוויטש.

דאָס קליינע טישל מיט דינע פּיסלעך, בײַ וועלכן מיכאָעלס איז געזעסן בעת די פּראָבן, איז איצט געשטאַנען פֿאַר דעם בייזן לאַזאַר מאָיסעיעוויטשן. נישט גע־איילט האָט ער אַראָפּגעלאָזט זײַן רעכטע האַנט, וועלכע איז געווען פֿאַרביילט אין אַ פֿויסט און נאָך אַ הייזעריקן הוסט אַרויסגעבראַכט.

— עס מיר אַ שאַנד, אַ שאַנד, — זיין בליק איז געפאַלן אויף די האַלב־אויסגרימירטע שוישפּילער אין צעריסענע קאַמיזוילן און קאַפּאָטעס פון גע־שפּילטע העלדן — גיט אַ קוק אויף מיר, אַט בין איך — האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין דער ברוסט מיט שטאָלץ — איך בין אַ ייד, אויך מיין טאַטע איז געווען אַזאַ: הויך, ברייט, געזונט. פונוואַנען האָט איר אַרויסגעשלעפּט אַזוינע יידן אויף אייער בינע? קרומע, לאַמע, פאַרקריפּלטע?!

אין דער טויטער שטילקייט האָט געקלונגען זיין האַלב־הייזעריקע שטים, וואָס האָט אָפּגעהילכט אין טונקל־ליידיקן זאַל און אויף דער פּוסטער בינע.

— אַזוינע יידן רופן אַרויס אַ ווידערגעפיל ביים צושויער. און איך וויל, אַז איר זאָלט אַרויסרופן מיט אייער שפּילן אַ געפיל פון שטאָלץ פאַרן היינט און נעכטן. ווו זענען די מכביער? ווו איז בר־כוכבא? — האָט ער מיט פּאַטאָס אַ וואָרף געטאָן צו די פאַרזאַמלטע. אָבער גלייך דערמאַנענדיק זיך, אַז עפּעס האָט ער דאָ דורכגעלאָזט, מיט נאָך אַ העכערער שטים צוגעגעבן:

— ווו איז דער בירא־בידזשאַנער ייד, וואָס בויט זיין ניי לעבן?

דאָס קליינע טישל איז עטלעכע מאָל אונטערגעשפּרונגען. די וואָכלייט פון דער נ. ק. וו. ד., דערהערנדיק דאָס וואָרט בירא־בידזשאַן האָבן ווי אויפגעוואַכט פון זייער גלייכגילט. הייסט עס, ער דערציילט די יידישע אַקטיאָרן פון בירא־בידזשאַן, וואָס ער האָט ניט לאַנג צוריק באַזוכט. זיי געדענקען גוט די צערע־מאָניעס ביים צוטיילן דעם בכבודיקן נאָמען קאַגאַנאָוויטש דער אַרטיקער באַן־סטאַציע און דעם יידישן טעאַטער. לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש גיט איבער אַ גרוס פון זייער אויטאָנאָמער געגנט.

די געוואָרפענע פראַזן פון לאַזאַר מאַיסעיעוויטשן האָבן געקלונגען אויס־טערליש פאַר די אַרומיקע. וואָס קומט דאָ פאָר? ווו זענען מיר? האָבן מיר, באמת, געהערט די נעמען בר־כוכבא, מכביער?

טייל פון די יונגע שוישפּילער, האָבן די נעמען געהערט צום ערשטן מאָל און ניט פאַרשטאַנען, וועגן וועלכע יידישע ״רעוואָלוציאָנערן״ ער רעדט און מאָנט פונעם טעאַטער. פאַר די עלטערע האָט עס געקלונגען ווי אַ פּראָוואָ־קאַציע. וואָלט דאָך מיט אַ שעה צוריק, קיינער ניט געוואַגט וועגן דעם אַפילו

צו טראַכטן אונטער דער שרעק נישט באַשולדיקט צו ווערן אין נאַציאָנאַליזם און קאָנטער־רעוואָלוציע. און דאָ קומט דער הערשער גופא און מאָנט, פאָדערט פון אַנדערע דאָס, פאַרוואָס ער אַליין שיקט קיין סיביר.

— טוט אַ טראַכט, ערנסט — האָט ער געווענדעט זיינע רייד, איצט, בלויז צו מיכאָעלסן, וויסנדיק, אַז דאָס אַרויסגעזאָגטע וועט באַדאַרפן פאַרווירק־לעכט ווערן, אין דער ערשטער ריי, פון אים, פונעם מענטשן, וואָס שטייט אין דער שפּיץ פון דער סאָוויעטיש־יידישער קולטור.

עס איז געשען איינער פון די גרויסע ווידערשפּרוכן אין דער סטאַלי־ניסטישער הערשאַפט. ער, קאַגאַנאָוויטש, וואָס וועט מיט צען יאָר שפּעטער פּרווון דערווייזן, אַז יידן אַליין ווילן ניט זייער שפּראַך און קולטור, אַז זיי איז גוט אין די אָרעמס פון דער רוסישער קולטור. ער — וואָס האָט גלייכגילטיק צוגעקוקט, ווי מען האָט אַ קורצע צייט נאָך זיין אַרויסטריט, אַרעסטירט משה קולבאַק, איזי כאַריק, און דעם אָנפירער פון מינסקער יידישן טעאַטער ראַ־פאַלסקי, דער זעלבער קאַגאַנאָוויטש, וואָס האָט מיט שווייגן אַקצעפּטירט און איינגעשטימט, אַז מיט צען יאָר שפּעטער זאָל מען אין אַ ווינטער־נאַכט דער־מאָרדן שלמה מיכאָעלסן און שפּעטער פאַרניכטן די בעסטע יידישע סאָוויע־טישע שרייבער, האָט אין יענער נאַכט אין פאָיע פון טעאַטער, געפאָדערט פאַרשטאַרקן דעם שטאָלץ פון יידישן גייסט, אַרויספירן אויף דער בינע מוג־טערע, קאַמפּס־פעאיקע יידן פון עבר און היינט.

עס פאַרבלייבט אַ ווידערשפּרוך און אויב ווידערשפּרוכן קאָנען זיך אויס־לאָזן בלוטיק, ווי אַ בלוטיקער שפּאַס, איז עס געווען איינער פון זיי.

אָבער אין יענעם שפּעטן אָוונט איז עס גליקלעך צונויפגעפאַלן מיט דעם, וואָס עס האָבן יאָרן־לאַנג אויסגעטראָגן און געטרוימט אַרויסצוברענגען אין זייער שאַפונג אַזעלכע יידן ווי מיכאָעלס, מאַרקיש, האַלקין, דער נסתר, בער־געלסאָן. זיי האָבן איינגעזען אין דעם אַ צייכן, אַז עס ווערט געגעבן אויך יידן די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען אין שאַפונגען דעם נאַציאָנאַלן גייסט, ווי דאָס האָבן די רוסן, אוקראַינער, גרוזינער און אַנדערע פעלקער פון ראַטנפאַרבאַנד.

לאַזאַר קאַגאַנאָוויטש איז אָפּגעטראָטן פון טיש און געוואָרפן אַ בליק אין דער זייט פון זיין וואַך. אייניקע פון זיין סוויטע האָבן אַראָפּגענידערט פון די

טרעפּ, כדי צוגרייטן די אויטאָס און קאָנטראָלירן דעם אַרום. די איבעריקע זענען פאַרבליבן נעבן אים. איצט זענען זיי געווען וואַך און פול מיט לעבן.

מיט שווערע טריט, האָט דער יידיש־סאָוויעטישער מיניסטער פון אַלפּאַר־באַנדישן טראַנספּאָרט זיך אַראָפּגעלאָזט פון די ווייסע מאַרמאָר־טרעפּ אין דער באַגלייטונג פון מיכאָעלסן.

די אַקטיאָרן האָבן פאַרנומען זייערע פּלעצער. די אַלע, וואָס האָבן זיך דאָ געפונען, זענען ווי געוואָרן עדות פון אַ שטוינענדיקער אַרויסטרעטונג, אין וועמענס כוונות זיי זענען נישט געווען זיכער.

אין דעם מאָמענט איז מיר געקומען אויפן געדאַנק אַ מאָדנער פּאַראַלעל. אין יענע טעג איז אין מאָסקווער קינאָ־טעאַטער דעמאָנסטרירט געוואָרן דער פילם "אָקטאָבער 1918", אין וועלכן מען ווייזט אַ פאַרשווערונג קעגן דער ראַטן־מאַכט, וואָס עס האָבן צוגעגרייט די סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן. דער פּלאַן פון די "עס־ערן" איז באַשטאַנען אין אונטערקויפן דעם קאָמענדאַנט פון קרעמל, אַהין זיך אַריינרייסן און פאַרכאַפּן די מאַכט. צי איז דאָס געווען אַ צופעליקייט, אָדער אַ היסטאָרישער אמת, פאַרבליבט פאַר מיר אַ סוד. נאָר דער שטאָב פון די עס־ערן איז געוויזן געוואָרן אין דער זעלבער געביידע ווו עס האָט זיך געפונען דער יידישער טעאַטער. אַ מאָדנער צופאַל. אין די זעלבע צימערן זענען איצט געזעסן יידישע אַקטיאָרן און געוואַרט מיט אומרו.

דער זייגער אויפן קרעמל־טורעם האָט געשלאָגן איינס. די גלאָז־פענצטער האָבן אַ ציטער־געטאָן פונעם גערויש פון די אָפּפאָרנדיקע אויטאָס. עס איז צו־ריקגעקומען מיכאָעלס און זיך אַוועקגעזעצט נעבן שווייגנדיקן זוסקין. אַרום זיי האָט זיך געשאַפן אַ קרייז פון נייגעריקע אַקטיאָרן. מיכאָעלס האָט געוואָרפן אַ בליק אויף די פאַרלאָרענע פּנימער. זיינע אויגן האָבן אַ בליץ געטאָן מיט יענעם גלאַנץ, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש, ווען ער האָט עפּעס צוגע־טראַכט: אַזוי איז געווען ביי אַ געלונגענער מיזאַנס, ביים אונטערזאָגן לייב פולווערן אַ יידישן ניגון. דער דאָזיקער גלאַנץ האָט אויך באַדייט, אַז ער איז איצט וואַך, אַרבעטס־פעאיק, פול מיט ענערגיע.

— חברים, גייט שלאָפן, מאָרגן צען פרי האָט איר אַ פּראָבע — האָט ער זיך געווענדעט צו די אַקטיאָרן און אָפּטרעטנדיק עטלעכע טריט צום פענצטער, געקוקט אין דער נאַכט אַריין.

די אַקטיאָרן האָבן זיך געזעגנט און פאַרלאָזט דעם טעאַטער, איילנדיק צו זיך אַהיים.

— ליאָוושקאַ — האָט זיך מיכאָעלס געווענדעט צו זיין געהילף — פאַר־בינדט מיך מיט האַלקינען.

—סטייטש, סאַלאָמאָן מיכיילאָוויטש, אין אָט דער שפּעטער שעה?

— ס'איז ניטאָ קיין צייט. ווי זאָגט דאָס רוסישע שפּריכוואָרט: "שמידט דאָס אייזן ווי לאַנג ס'איז הייס", וועקט אים אויף, וועקט אים אויף! האָט ער נאָכגערופן זיין געהילף, וואָס האָט געדרייט דעם דיסק פונעם טעלעפאָן.

**
*

דער טעלעפאָן־געשפּרעך האָט זיך פאַרצויגן. מיכאָעלס האָט זיך געכעסט: וואָס איז מיט אים? וואָס קאָן ער דאָרט נישט פאַרשטיין? וואָס מורמלט ער עפּעס ניט־קלאָרע רייד?

האַלקין האָט געהערט די אויסטערלישע דערציילונג וועגן באַזוך פון קאַגאַנאָוויטשן, וועגן זיינע פאָדערונגען און נישט געוואָגט אַרויסצוברענגען זיין מיינונג. ער האָט ניט געקאָנט באַנעמען, פאַרוואָס מען וויל אים אַריינציען אין דעם שרעקלעכן שפּיל. אמת, ער הערט די שטים פון מיכאָעלסן, אָבער ווער קען וויסן? פון וואַנען קלינגט ער? די אויערן קענען פאַרפירן, וואָס די אויגן זעען ניט.

פּלוצים האָט מיכאָעלס איבערגעריסן דעם געשפּרעך, פאַרדעקט מיט זיין רעכטער האַנט דאָס טרייבל און אַ זאָג געטאָן צו זוסקינען:

— זיך צעפּלאָפּלט, וועגן אַזוינע זאַכן רעדט מען ניט דורכן טעלעפאָן. אָט וואָס ס'געשעט, ווען מען גיט זיך אָפּ אין מאַכט פון געפילן און מען פאַרגעסט אָן דעם "קעסטל", — דערביי האָט ער זיך אַ קלאַפּ געטאָן אין שטערן — מאַרקישן, וועל איך שוין היינט ניט קלינגען...

זוסקין האָט געשוויגן. אַ שטאַרק געפּיל פון נייגער האָט אים אַרומ־גענומען. ער האָט פאַרגעסן אָן דער מידקייט נאָך דער פאָרשטעלונג. אים האָט זיך איצט געוואָלט הערן זיין עלטערן חבר, צו וועלכן, ער האָט אָפט אַרויפ־געקוקט, ווי צו אַ לערער. זוסקין איז געווען צופרידן, וואָס מיכאָעלס האָט אי־בערגעריסן דעם טעלעפאָן־געשפרעך. צופיל התלהבות, צופיל טעמפעראַמענט שיקט ער אין די קאַלטע דראָטן, געלאָדענע מיט געפאַר פון פאַראַט.

דורך די פאָיע־פענצטער האָט אַריינגעקוקט אַ פינקלדיקער קאַלטער שטערן, וואָס האָט געוואָרפן אַ בלאָס־אומרואיק ליכט אויף שאַגאַלס בילד.

— פּאָשלי! — האָט שטיפעריש גערופן מיכאָעלס.

די גאַס איז געווען פוסט און שטיל, אויסערלעך רואיק. אָבער יעדער פון זיי האָט גוט געוווסט, אַז דידאָזיקע שטילקייט איז אָן אָפּנאַרערישע. אין טויזנטער הייזער זענען מענטשן געשפּאַנטע פון פחד, הערן זיך צו יעדן שאָרך, זייענדיק גרייט צו געזעגענען זיך מיט אייגענע אויף שטענדיק. דערפאַר איז שטיל, אַ שטילקייט פון אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, געמישט מיטן פיינלעכן געפּיל פון ניט פאַרשטיין דעם זין פון שרעקלעכן טעראָר.

זיי זענען געגאַנגען איבערן בולוואַר צום פּושקין־פּלאַץ, דאָס איז זייער שטענדיקער וועג צום אַקטיאָרן־הויז. דאָרט שלאָפט מען נאָך ניט. איצט אין דער שעה, ווען אַלע טעאַטערן זענען געשלאָסן, ווערט פאַרפולט דער ליכטי־קער רעסטאָראַן. איצט ווערן דאָרט געהויבן טאָסטן פון פאַרשיכורטע אַקטיאָרן, וואָס פאַרברענגען אינעם ספּירט זייער טרויער און בענקשאַפט. אין דעם רויך פון טאַבאַק, געמישט מיטן דאַמף פון וואָדקאַ, שפּירסטו זיך פרייער, היי־מישער גיסט אַ קנעפּל אָפּ דעם שטייפן קאָלנער, קושסט זיך מיט אַ גוטן ברודער, וועלכער פאַרגיסט ביטערע טרערן, האַלטנדיק מיט זיינע פינגער דיינע לאַצן.

דאָ טרעפט מען די אַלטע גוואַרדיע אַקטיאָרן, מיט דערפאַרונג פון פערציק, פופציק יאָר אויף דער בינע. דאָרט, אין אַקטיאָרן־הויז, וואַרט אויף זיי טאַרכאַנאָוו, דער זשעני פון כאַראַקטער־ראָלן, קלימאָוו, וואָס זעצט פאָר די גוטע טראַדיציע פון "מאַלי־טעאַטער", מאָסקווין — איינער פון די גרינדער פון קונסט־טעאַטער.

דאָרט שטיפט מען ווי קינדער, כדי צו פאַרשפּילן דיליידן פון גרויסע. מיט צוויי טעג צוריק האָט מען דערפונדן אַ נייע שפּיל אונטערן נאָמען "די רייזע". דאָס טישל, האָט מען פאַרוואַנדלט אין אַ וואַגאָן (איז דאָך אַלץ אָפּהענגיק פון דער פאַנטאַזיע, פון די, וועלכע אונטערנעמען דאָס שפּיל). מען האָט געטיילט די ראָלן. ס'איז פאָרויסגעשטאַנען אַ לאַנגער וועג: מאָסקווע — סווערדלאָווסק. מיכאָעלס, וואָס האָט געשפּילט דעם פּאַסאַזשיר, האָט זיך באַקוועם אויסגעזעצט. קלימאָוו, פאַרן קעלנער, האָט געגרייט די געטראַנקען, טאַרכאַנאָוו האָט פאַרצויגן זיין היטל און געוואָרן דער שטרענגער קאָנדוקטאָר. אַ הילכיקער פייף און דער צוג רירט פון אָרט. די מוזיקער פון רעסטאָראַן שפּילן אַן אַלטן, רוסישן וואַלס. עס גייען פאַרביי עטלעכע מינוט, טאַרכאַנאָוו מעלדעט אַ סטאַציע. מיכאָעלס פרעגט וויפיל מינוט שטייט דער צוג, צי מען קאָן באַוויזן נעמען אַ שנאַפּס, טאַרכאַנאָוו באַרואיקט דעם פּאַסאַזשיר, אַז ער פאַרמאָגט צייט און אָט איז שוין קלימאָוו מיט דריי גלעזלעך. מען טרינקט אויס אויף גיך דעם "לאָמיר זיין געזונט" און מען רירט זיך אין וועג. שפּעטער שטעלט מען זיך שוין אָפּ, נאָר ביי די גרעסערע סטאַציעס.

קיינער פון די דריי, האָט ניט געדענקט, ווען דער צוג איז אָנגעקומען קיין סווערדלאָווסק. אויפגעכאַפּט האָט מען זיך אין בעט אָרום ניין פרי, מיט אַ שטאַרקן קאָפּ־ווייטיק. און געאײַלט אויף אַ פּראָבע.

דערמאָנענדיק זיך אָן דער שפּיל מיט טאַרכאַנאָוון און קלימאָוון, טוט מיכאָעלס אַ שמייכל. ס'איז גוט זיך אַמאָל צו פאַרגעסן און אויסשליסן אַלע זאָרגן. פּלוצים האָט ער דערשפּירט אַ קעלט איבערן לייב און אַ נאָגנדיקע מידקייט. ער האָט גענומען זוסקינען אונטערן אָרעם און מיט דער צווייטער צוגעקלאַפּט מיט זיין שטעקן און ווי פאַרזעצנדיק אַ געדאַנק, וואָס ער האָט געשפּירט אין זיך, אים אַרויסגעזאָגט אין דער הויך.

— פיל שטימט ניט מיט דעם, וואָס די צייט פאָדערט פון אונדז. מיר האָבן אַרויסגעבראַכט אויף די פּנימער פון די שלום־עליכמישע פּערסאָנאַזשן די פאַרגליווערטע גרימאַסע פון דער קליינשטעטלדיקער ווירקלעכקייט. דער טעאַטער איז מיטגעריסן געוואָרן דורך דער גראָטעסקער אויסערלעכקייט פון די שטעטלדיקע לופט־מענטשן און האָט געוויזן אַ לאַנגע גאַלעריע פון נעגאַטיווע פאַרשוינען, וואָס האָבן אָבער בשום אופן ניט אַנטפּלעקט דאָס עכטע פּנים פון פאָלק. מיר האָבן די שטעטלשע פאַרגאַנגענהייט פאָרגעשטעלט ווי אַ קאָשמאַר, ווי אַ

שרעקלעכן חלום. ווייזנדיק דעם דאָזיקן פינצטערן פּעריאָד פון דער געשיכטע פון יידישן פאָלק, האָט דער טעאַטער אויסגעמיטן דאָס פאָלק גופא, וואָס האָט אין אונדזערע קלאַסישע ווערק אַרויסגעשיינט מיט טויזנטער העלע אייגנשאַפטן און פאַרשיידענע געשטאַלטן.

מיכאָעלס האָט גערעדט שנעל מיט טעמפּעראַמענט. ס׳איז געווען צו זען, אַז דער פאַל מיט קאַגאַנאָוויטשן האָט אים געשטויסן זיך אויסצוריידן, כדי נישט נאָר צו איבערצייגן זיין מיטגייער, נאָר קודם כל זיך אַליין. דאָס איז געווען אַן אינערלעכער מאָנאָלאָג, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן, כדי צו פּראָוואָצירן נייע געדאַנקען, נייע לייזונגען פון אַ האַרבער פראַגע, וואָס האָט זיך געשטעלט פאַר אים.

— יידישער טעאַטער, איז היינט דער אַדרעס פון דער יידישער קולטור אין ראַטנפאַרבאַנד. אָט פאַרוואָס דער היינטיקער געשפּרעך אין פאָיע פון טעאַטער, פאַרמאָגט אַזאַ באַדייט פאַר אונדז.

די מאָסקווער ״דוואָרניקעס״, זענען שוין צוגעטראָטן רייניקן די גאַסן. זיי האָבן מיט נייגער נאָכגעפאָלגט די צוויי יידישע שוישפּילער, וואָס זענען געגאַנגען אין אָט דער שפּעטער שעה אַזוי פאַרטיפט אין געשפּרעך, אַז זיי האָבן קיינעם נישט געזען.

אַנטקעגן האָט זיך אויסגעשפּרייט דער פּושקין־פּלאַץ. ביים סוף פון ״סטראַסטנאָי״־בולוואַר אויף זיין פּיעדעסטאַל, באַצירט מיט פאָנאַרן און גירלאַנדן, פון שווערע בראָנזענע קייטן, האָט זיך אַרויסגעהויבן אין זיין גאַנצער גרויס דער רוסישער פּאָעט פּושקין, וואָס האָט אַראָפּגעקוקט אויף זיין רוסלאַנד מיט אַ ליִרישן טרויער און ליבע.

מיכאָעלס האָט אַרויפגעקוקט צו פּושקינען און באַלד, אויסדרייענדיק זיך צו זוסקינען געגומען שפּאַנען צוריק.

— ניין, מיר וועלן ניט גיין אין דעם אַקטיאָרן־הויז, נאַסטיאַ וואַרט, זי איז אומרואיק, אויך דייניקע וואַרטן.

פּלוצים האָט די שטילקייט דורכגעשניטן אַ געשריי, ווי אַ רוף נאָך הילף.

— יאַ ניע ווינאָוואַט! זאַ טשטאָ? בראַטסי, זאַ טשטאָ? (איך בין נישט שולדיק! פאַר וואָס? ברידערלעך, פאַר וואָס?!).

ווידער איז געוואָרן שטיל, נאָר דער רויש פון אַן אויטאָ האָט געיאָמערט, פירנדיק עמעצן ערגעץ־ווו...

ווי גוט, וואָס ביידע ווינען אין זעלבן הויז און פאַרמאָגן די זיכער־קייט, אַז היינט איז מיט ביידן גאָרנישט געשען. ס'האָט זיך געגלוסט וואָס גיכער זען די אייגענע, נאָענטע, טרעפן זיי אויף זייערע ערטער. אויף די טרעפּ האָט מען זיך געזעגנט. זוסקין איז אַרויף העכער. מיכאָעלס האָט אים נאָכ־געפאָלגט, און מיט אַ געמאַכטער שטרענגקייט נאָכגערופן:

— נישט פאַרשלאָפן, זוזאַ, היינט צען אַ פראָבע!

אויף די טרעפּ האָט אָפּגעהילכט דער קלאַנג פון צוויי געשלאָסענע טירן. אין דרויסן, האָט די נאַכט אָנגעהויבן צו גראָען.

"זינט איך געדענק זיך, בין איך יונג"
ל. קוויטקאָ.

מיט לייב קוויטקאָ האָב איך מיך באַקענט אין 1936, אויף אַ סטודענטן־אָוונט, אין דער יידישער טעאַטער־סטודיע אין מאָסקווע. יידישע שרייבער זענען, אין דער סטודיע געווען אָפטע געסט. זיי האָבן זיך גוט געפילט אין דער אַטמאָספער פון יוגנטלעכע. דאָ האָבן זיי געהערט די לעבעדיקע יידישע שפּראַך, אויף וועלכער זיי האָבן געשאַפן און וועלכע מען האָט דאָ פאַרשטאַנען.

איך געדענק גוט דעם אָוונט, ווען פאַרשיכורטע פון דעם וואָס מען איז יונג, געזונט, צופרידן — האָבן חברה מיט טומל און געפילדער אַרויסגעהויבן אויף דער קליינער שול־בינע, איינעם נאָכן אַנדערן, יידישע פּאָעטן און גע־צוווּנגען זיי פאָרצולייענען זייערע לידער.

דער ערשטער האָט זיך אויפגעהויבן פּרץ מאַרקיש, פאַרפולנדיק מיט זיין מאַיעסטעטישער פיגור די גאַנצע בינע. פאַרוואָרפנדיק זיין שוואַרצע טשופּרינע און אַרויסשליידערנדיק די רעכטע האַנט פאָרויס, האָט ער אָנגעהויבן זיין ברייט־אָטעמדיק ליד:

— היי, זעצט די פענצטער אויס מיר, רייטער
און קומט אַריין!
— ס'אַ פרייד אַראָפּפאַלן פון פערד אינמיטן לויף!
ווי פריידיק ס'איז דער לויף דער האַסטיקער אַליין!
און רייס זיך אויפגעלויכטן־ריין
און רייס זיך האַרץ! און רייס זיך אויף!
מיט קלאָרע פרייד
פאַר ווייטערדיקן גיין!...

אַ רייטער אַן אַראָפּגעפּאַלענער פון דיינע טעג,
פון דיינע טעג צעפּענטעטע אין שוימיקן געלויף,
וועל איך צופוס אַוועק
פון וועג צו וועג
וועל איך צופוס אַוועק
פון לאַנד צו לאַנד,
וועל איך צופוס אַוועק
פון האַפן ביז האַפן
און אויסקלעפּן אויף טעג
אויף צעמענדיק־געלאַטעטע,
דיין פלאַקערדיקן וועג,
דיינע צעזונגענע פּלאַקאַטן.

און לאָז זיך רייסן פון מיין לייב
באַפליגלט כתב
פון רויטן זאַפט
און לעבעדיקן בליי!...
עס איז אַ האַנט אַ בראַנזענע געשטרעקט צו ווייטן,
אַ האַנט אַ בראַנזענע אויף אייביק —
אַ האַנט אַ בראַנזענע אויף טויטן
און דערהייבן:
עס איז אַ מויל געווענדט צו דורות
אַ מויל אַ פלאַקערדיקס אין רוימען,
אַ מויל אויף אָטעמען אין הייכן
און אין תהומען.

איך זע די האַנט!
מיך יאָגט דער אָטעם
פון שטאָט צו שטאָט,
פון לאַנד צו לאַנד,
איז לאָז מיין גורל זיין אַזוי, ווי זיין ער מוז;
דער גורל פון אַראָפּגעפאַלענעם פאַרשעמטן רייטער,
— כ׳וועל גיין ביי זייט, כ׳וועל גיין צופוס,
כ׳וועל אָנקומען באַצייטנס!

מאַרקיש האָט געלייענט זיין ליד "נו, לאָז מיין גורל זיין", ווי ער וואָלט עפּעס פֿאַרויסגעזען און די דאָזיקע פֿאַרויסזעאונג געפּרוווט אַרויסשרייען צו דער יוגנט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז דער שטורעם, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון דער בינע, וועט צעטראָגן דעם צימער, די מענטשן. די יונגע סטודענטינס האָבן פעסטער זיך געטוליעט צו די בחורים, ווי זוכנדיק אַ שוץ קעגן ווולקאַן פֿון קלאַנגען, אויסרופֿן, וואָס ס'האָט אַרויסגעבראַכט דער טעמפּעראַמענטפֿולער פּאָעט. איך האָב דעמאָלט געגלייבט, אַז זיין לייבן־קול דערגרייכט ביז צום פּושקין־פּלאַץ, שפּרייזט איבער די גרענעצן פֿון מאָסקווע און טראָגט זיך ווייט איבער די וועלדער, פעלדער, שטעט און אָקעאַנען, דערגרייכט טויזנטער צו־הערער אין דער וועלט.

מאַרקיש איז אַ לענגערע צייט פֿאַרבליבן אויף דער בינע. אַליין פֿאַר־כאַפּט פֿון זיינע לידער, האָט ער זיי געלייענט איינס נאָכן אַנדערן. נישט אַלץ האָבן מיר באַוויזן צו באַנעמען אין דעם רוישיקן אָרקעסטער פֿון זיינע לידער. אונדז האָט אָבער מיטגעריסן דער עמאָציאָנעלער ברויז, דער אומרו. נאָכן אָפּשטורעמען איז מאַרקיש פֿלינק אַראָפּ פֿון דער באַלויכטענער בינע, און אַוועקגעשפּאַנט, מיט שטאָלץ־געהויבענעם קאָפּ, אין דער אַרומרינגלונג פֿון יונגע באַגייסטערטע סטודענטינס, אין די ווייטע שמאָלע קאָרידאָרן.

עס איז אַדורך אַ קליינע פּויזע.

און באַלד האָב איך דערהערט דעם רוף — לייב קוויטקאָ! לייב קוויטקאָ! ערגעץ פֿון זייט, געפּרעסט צווישן יוגנטלעכע, האָט זיך אַרויסגעהויבן אַ געזעצ־טער מענטש אין די מיטעלע יאָרן, מיט אַ העל־שמייכלענדיק געזיכט. פֿון זיינע אויגן האָט אַרויסגעשיינט פרייד. ער האָט זיך, שעמעוודיק, געווערט קעגן די צענדליקער הענט, וואָס האָבן אים געצויגן אויף דער בינע. עס האָט אויס־געזען, אַז ער איז איינער פֿון זיי, צווישן זיי, מיט זיי. קוויטקאָ האָט עפּעס אַ שפּאַס געטאָן און דער יונגער עולם האָט געשמאַק געלאַכט. ווען ער איז פֿאַר־בליבן אַליין אויף דער בינע האָט ער אויסגעזען ווי אין אַ פֿאַרלעגנהייט, נישט וויסנדיק פֿון וואָס אָנצוהייבן. חברה האָט אַרויפֿגעקוקט צו אים ווי צו זייער אַן אייגענעם.

די דאָזיקע ניינצן־צוואַנציק־יעריקע בחורים און מיידלעך האָבן זיך דערצויגן אויף זיינע לידער, האָבן זיי געלייענט אויף אויסנווייניק. פֿאַר מיר, אַ יונגן

בחור, ניט לאַנג געקומענעם פון דער ליטע, איז עס געווען ניי. איך האָב ניט געקענט זיין "חבר וואָראָשילאָוו", זיין "יאַסלעס שפּאַצירן", זיין "קעצעלע".

קוויטקאָ האָט איצט געזוכט אין זיינע קעשענעס, אַרויסגעצויגן פון דאָרטן, פאַרשיידענע באַשריבענע פּאַפּירלעך, און זיי געלייענט. און ווידער פאַרבאַ־האַלטן. אויף דער בינע איז אַרויפגעשפּרונגען אַ יונג מיידל, וועלכע האָט אים איבערגעגעבן אַ בוך לידער. ער האָט זיך דערפרייט און גלייך געוואָרן דרייס־טער. ער האָט אָנגעהויבן לייענען; אין אָנהויב, זייער שטיל און צעצויגן־זינ־געוודיק, וואָס שפּעטער אַלץ שטאַרקער און העכער. ער האָט געלייענט מיט אינטערעס און מיט אַ באַזונדערער צופרידנקייט, ווי צום ערשטן מאָל:

"ניט גוט האָט זיך אַוועקגעשטעלט
דאָס יאָדליקל ביים פלוין.
וואָס איז עס פאַר אַן אָרט אָט דאָ?
דערצו נאָך איין אַליין?
איין אַליין, איי, ניט גוט,
שמייסט דער ווינט דיך ווי אַ רוט.

און חברה כאַפּן אונטער און שפּאַנען שוין צוזאַמען מיטן פּאָעט:

נאָר טראַכט עס דען אַוועקצוגיין
כאָטש ביטער שינדט דער ווינט,
כאָטש וואָס עס האָט דאָ אויסצושטיין
אַ יאָדליקל, אַ קינד?

און באַלד איז מען אַריבער צום ליד "אַ ווינטער־מעשה". מען לייענט און דערביי ווערט פאַרגעשטעלט דער בער מיט זיין ברומען, דער ווינט מיט זיין וואָיען, מען טופּעט צו, מען רייבט די הענט פאַר קעלט, ווי דער בער זיינע לאַפּעס:

לויפט אַרויס אַ בער אין וואַלד,
אָט־אָ איז שוין ווינטער באַלד,
ווינטער, ווינטער, ווינטער גייט!
און דער וואַלד איז אָן אַ קלייד,
און אַ פויגל אָן אַ נעסט,
גאָר אַ נאַקעטער פאַר פרעסט!

אין אַזאַ מין גרויסן, גרויסן,
קאַלטן ווינטיקן אינדרויסן —
הוילערהייט, אָן אַ קלייד!
שטעלט זיך בער ביים ברעג אַוועק,
ביידע לאַפּעס אויסגעשטרעקט:
פּעטער שניייער כ׳בעט דיך זייער,
כ׳בעט דיך זייער, —
ס׳איז דער וואַלד שרעקלעך קאַלט
שיק אַראָפּ אַ צודעק באַלד!

מיט גרויס צופרידנקייט, וואָס דער געבעט איז דערהערט געוואָרן, לייענט מען ווייטער, הילכיק, מיט פרייד:

פליט דער פּעטער שניייער, פליט ער
שיט ער, שיט ער, שיט ער, שיט ער,
פוך און פוך — אָן אַ ברעג,
באַלד דעם וואַלד שוין צוגעדעקט,
לויפט צוריק אין וואַלד דער בער
פריילעך, דריילעך הין און הער —

דעקלאַמירנדיק צוזאַמען, האָט מען זיך אַליין פאַרוואַנדלט אין קינדער און געווען דערפון צופרידן. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אפילו די לידער, וואָס קוויטקאָ לייענט צום ערשטן מאָל, פון זיינע אַרויסגענומענע, פריש־באַשריבענע פּאַפּירלעך, זענען די צוהערער באַקאַנט. אַזוי האָט זיך געצויגן ביז אין די פרי־מאָרגן־שעהן...

אַראָפּנידערנדיק די טרעפּ אַ מידע און צופרידענע, האָט דאָס מיידל, וועלכע האָט איבערגעגעבן דעם פּאָעט זיין בוך לידער, איצט געלייענט פאַר זיך:

ווער ביסטו, בלימעלע ווייס
פונוואַנען געקומען?
אַ מענטש צי אַ ווינט
האָט דיך פון דיין היים
אַוועקגענומען?

איך האָב זיך צוגעהערט צו איר לייענען. איר האַנט איז געווען אין מיינער. די נאַכט איז אייליק אָפּגעטראָטן פֿאַר די שטראַלן פֿון זון־אויפֿגאַנג. אין דער פֿאַרגאַנגענער נאַכט האָב איך, צום ערשטן מאָל, דערשפּירט ווי נאָענט און באַליבט עס איז קוויטקאָ ביים יונגן לייענער. שפּעטער האָב איך זיך איבער־צייגט, אַז די דאָזיקע צוגעבונדנקייט און אַכטונג צו אים, טראָגן אין זיך טויזנ־טער און טויזנטער קינדער, ווי אויך דערוואַקסענע פֿון פֿאַרשיידענע פֿעלקער און פֿעלקערלעך פֿונעם רחבותדיקן רוסלאַנד.

אין די ערשטע טעג פֿון דער מלחמה מיט די דייטשן, איז קוויטקאָ, ווי פֿיל יידיש־סאָוויעטישע שרייבער, אַוועק פֿרייוויליק אויפֿן פֿראָנט. דער פּאָעט איז געוואָרן אַ קריגער און קריגעריש איז געוואָרן זיין דיכטונג. ווי אַן ענטפֿער אויפֿן מאָרד פֿון טויזנטער אונדזערע ברידער און שוועסטער רופֿט קוויטקאָ נקמה צו נעמען, צו טויטן דעם שונא, אַזוי איז זיין אורטייל:

פֿייער אויף די שונאים, פֿייער!
ווייל דאָס לעבן איז אונדז טייער,
ווייל צו לעבן איז אונדז גוט.
ווייל סע קריכט דער מיאוסער שונא
אויסצאַפּן פֿון אונדז דאָס בלוט,
שענדן אַלץ, וואָס אונדז איז טייער, —
פֿייער, פֿייער, פֿייער, פֿייער!

פֿייער אויף די שונאים, פֿייער!
ווייל דאָס היימלאַנד איז אונדז טייער,
היימלאַנד, מאַמעס, קינדער אַלץ, —
ווייל ס'פֿאַרמעסט זיך דער מנובל
איבערבייסן אונדז דעם האַלדז,
רויבן אַלץ, וואָס אונדז איז טייער
פֿייער, פֿייער, פֿייער, פֿייער!

ווידער טרעף איך קוויטקאָ אין די לעצטע טעג פֿון קריג אין דער יידישער ראַדיאָ־אוידיציע אין מאָסקווע. דורכן פֿענצטער פֿון פֿערטן שטאָק, האָט מען אַרויסגעזען די ברייטע גאָרקי־גאַס, וואָס איז געווען באַגאָסן מיט פֿרילינגס־זון. יעדן טאָג האָט מען געוואַרט אויף דער מעלדונג פֿון זיג איבער דייטשלאַנד. אין בערלין זענען אָנגעגאַנגען די לעצטע שלאַכטן.

איך בין געשטאַנען ביים מיקראָפאָן און גערעדט פאַר צוהערער פון דער ווייטער אַמעריקע. כ׳האָב דערציילט וועגן חורבן ווילנע, פונוואַנען איך בין, ערשט נעכטן אָנגעקומען. ביים סוף פון מיין דערציילן, האָב איך געזונגען "זאָג ניט קיינמאָל, אַז דו גייסט דעם לעצטן וועג". דער פּאַרטיזאַנער־הימן איז געווען אַ נייעס פאַר דער וועלט. קוויטקאָ איז געזעסן דערנעבן, זיך אויפמערק־זאַם צוגעהערט צו מיין געזאַנג און שפּעטער זיך אויסגעדרייט צום פענצטער. ער האָט אַראָפּגעווישט אַ טרער. כ׳האָב באַמערקט, אַז דער תמיד יונגער פּאָעט איז געקומען פון קריג מיט אַ באַזילבערטן קאָפּ. מיר זענען אַרויס צוזאַמען אין דעם קאָרידאָר. ער האָט פאַרמאָגט צען מינוט ביז זיין אַרויסטרעטן. פון זיינע שמייכלענדיקע אויגן האָט אַרויסגעקוקט אַ טרויער. דאָס איז געווען דער טרויער נאָך אומגעקומענע ברידער, נאָך זיין פאָלק. ער האָט מיר דערציילט וועגן העלדן־טאַטן אויפן פראָנט, בפרט וועגן דער גבורה פון יידישער קריגער אין דער סאָוועטישער אַרמיי. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מיט די גבורה־טאַטן, פּרוווט ער פאַרטרייבן דעם טרויער, וואָס איז אין אים געזעסן און האָט אים געפּייניקט.

צוריקקערנדיק אַהיים נאָך דער באַגעגעניש מיט קוויטקאָ, האָט מיך אויפן שוועל באַגעגנט מיין קליין זונעלע, וואָס האָט געלערנט זיינע ערשטע שורות. מיט שטאָלץ האָט ער מיר פאָרגעלייענט:

די זון איז אַרויס,  
די זון איז אַרויס,  
ווער ס׳שטייט אויף דער זון —  
יענער וואַקסט אין איר אויס.

כ׳האָב אים אַרויסגעהויבן אויף די פּלייצעס און צוזאַמען אין כאָר, שפּאַ־נענדיק איבערן הויף, פאָרגעזעצט:

און איך מיט די פריינט  
בין אין דרויסן אַרויס.  
אינעם קאָן, אינעם קאָן,  
אויף דער זון וואַקס איך אויס.

דאָס איז געווען פון קוויטקאָס אַ ליד "אויף דער זון".

לייב קוויטקאָ האָט געטיילט דעם טרויעריקן גורל פון זיינע חברים־שריי־בער, וועלכע זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין אויגוסט 1952.

געוויס וואָלט זיין שפּרודלדיקער טאַלאַנט געשאָנקען אונדז פּיל צענדליקער לידער, פאָלקס־געזאַנגען, פּאָעמען און משלים, ווען זיין לעבן וואָלט ניט אַזוי טראַגיש איבערגעריסן געוואָרן. קוויטקאָ איז געווען איינער פון די פּרוכט־באַרסטע און אַממערסטן געלייענטע יידישע שרייבער. דער פיינלעכער געפיל פון גרויסן פאַרלוסט איז נאָך מער אין מיר פאַרשטאַרקט געוואָרן, ווען איך האָב איבערגעלייענט די דערינערונגען פון עלטערן רוסישן שרייבער קאָרניי טשו־קאָווסקי. דאָס בוך איז דערשינען מיט אַ קורצער צייט צוריק אין מאָסקווע. קאָר־ניי טשוקאָווסקי, אגב, אויך אַ קינדער־שרייבער, איז לאַנגע יאָרן געווען באַ־פריינדעט מיט לייב קוויטקאָ. דער רוסישער שרייבער האָט מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט נאָכגעפאָלגט קוויטקאָס שאַפונגס־וועג. זייענדיק אַ הייסער חסיד פון דער פּאָעזיע פון זיין יידישן קאָלעגע, האָט טשוקאָווסקי אַפילו גע־לערנט די יידישע שפּראַך, כדי צו לייענען קוויטקאָס לידער אין אָריגינאַל. קוויטקאָ ווערט אַריינגענומען און אָפּגעשאַצט אינעם בוך, צוגלייך מיט אַזעלכע גדולים פון דער רוסישער ליטעראַטור, ווי: טשעכאָוו, אַנדרעיעוו, בלאָק, גאָרקי און מאַיאַקאָווסקי.

דאָס קאַפּיטל, געווידמעט ל. קוויטקאָ, אָטעמט מיט ליבע און צוגלייך טרויער, צוליב דעם וואָס עס איז געשען.

"עס האָט זיך געדאַכט — שרייבט טשוקאָווסקי — אַז ער וועט אומבאַ־דינגט דערלעבן ביז הונדערט יאָר. עס איז אפילו שווער געווען זיך פאָרצו־שטעלן, אַז ער קען ווען ניט איז קראַנק ווערן. אין מיין גאַנץ לעבן האָב איך ניט געטראָפן אַ מענטש, וואָס זאָל זיין אין אַזאַ פולער האַרמאָניע מיט זיך אַליין, מיט דער נאַטור, מיט מענטשן. פון אים האָט געאָטעמט מיט גליק".

טשוקאָווסקיס דערינערונגען האָבן מיך ווידער צונויפגעפירט מיט לייב קוויטקאָ. איך האָב צונויפגענומען זיינע ביכער. זיין פּאָעזיע האָט מיך היינט אַזוי פאַרכאַפּט, ווי מיט צוואַנציק יאָר צוריק, זיינע לידער האָבן מיך באַצויבערט מיט זייער פרישקייט, שפּילעוודיקייט און פאָלקסטימלעכקייט.

לייב קוויטקאָ איז געווען באַגליקט אין זיין שאַפן. צו וואָס ער האָט זיך, אויף אַ רגע, צוגערירט — איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאָעזיע. האָט ער דערזען אַ יאָדלע, ווערט געבוירן אַ ליד פון אַ יאָדלע, דערזען אַ רעגנבויגן — שרייבט ער וועגן רעגנבויגן. אים האָט זיך געשריבן ווי געאָטעמט: אוממיטל־באַר, אָן צוואַנג, אָן דעם קלענסטן אָנשטרענג.

יעדע איינפאַכע זאַך איז געווען גענוג, אַז עס זאָל זיך פאַרוואַנדלען אין אַ טעמע פאַר אַ ליד. מיר דערמאָנט זיך זיין "קרויט":

דאַכט זיך ניט מער ווי אַ קרויט,
און דאָך האָט עס זיינע מאַניערן.
פּרווו נאָר פאַרזעצן עס ביים פּלויט,
עס וועט דיר קיין היפּטל ניט ווערן!

געקנייטשט און געאָרדענט געדיכט,
אַ קאָטשן ליגט גראָב, אַ געפּאַקטער;
דאָך טראָגט עס אַ צאַרטקייט אין זיך,
אָן איידלען, קאַפּריזנעם כאַראַקטער!

נאָך אין זיין פריער קינדהייט האָט קוויטקאָ זיך צונויפגעטראָפן מיט פּיין, הונגער און שווערער האָרעוואַניע. דער דאָזיקער שווערער וועג אין קאַמף מיט נויט האָט ניט פאַרביטערט און ניט פאַרסמט זיין פּאָעזיע. פאַרקערט, פון זיין קינדהייט און יוגנט, שטאַמט די באַוווּנדערונג פאַר דער וועלט. זיין גאַנץ גע־מיט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט דאַנקבאַרקייט, מיט באַגייסטערונג פאַר די כישוף־מעשים פון דער נאַטור, צו וועמען דער דיכטער איז געקומען מיט "אַ גוט־מאָרגן". עס איז ניט געווען אַזאַ עפּלבוים, אַזאַ פייגעלע, אַזאַ וואָלקן, אָדער בלימל, וועמען קוויטקאָ האָט, אין זיין צייט, ניט אַרויסגעזאָגט זיין דאַנק. און ווער, אַ חוץ קוויטקאָ האָט געקענט שרייבן וועגן ברונעם:

"דעם ברונעם איז צום האַרצן, אַז מען שעפּט אים,
אַז דער עמער דרינגט צום קאַלטן דעק,
און באַברעט מיט זיין ליפּ דעם גרונט און וועקט
די קוואַלן אונטער דר'ערד און מערט די קרעפטן,

נישט געווען ביי אים קיין אויגנבליק ער זאָל נישט פילן דעם צויבער פון דעם פאַרכאַפּנדיקן אַרום. און דער גרעסטער וווּנדער איז געווען פאַר אים — דער דראַנג פון דער נאַטור צו אַלץ נייעם ווידערגעבורט.

דער בוים ווערט צעפּיקט,
די בלום ווערט צעבליט,
פון דער זאַפטיקער ערד,
אַלע שפּראָצונגען ציט.

אָט די באַצויבערטקייט פון דער אַרומיקער וועלט האָט אים געמאַכט פאַר אַ קינדער־שרייבער. אין קינדס נאָמען, דורך די לעפצן פון פינף־יאָריקע, זעקס־יאָריקע, זיבן־יאָריקע קינדער, איז אים גרינגער געווען אויסצודריקן זיין אייגענע לעבנס־פרייד, זיין אייגענעם און האַרציקן גלויבן, אַז דאָס לעבן איז געגעבן פאַר אומבאַגרענעצטן גליק.

אַנדערע שרייבער, וואָס דיכטן פאַר קינדער, באַמיען זיך צו רעסטאַווירן, אויפשטעלן געפילן פון זייער פאַרגאַנגענער קינדהייט. לייב קוויטקאָ האָט זיך ניט גענויטיקט אין אַזאַ ווידעראויפשטעלונג: צווישן אים און זיין קינדהייט איז ניט געווען קיין מחיצה פון צייט. אין יעדער מינוט האָט ער זיך געקענט פאַרוואַנדלען אין אַ יינגל: אַזוי, זייענדיק פאַרכאַפּט פון ווילויונגערישן האַזאַרד אין שפּיל, לאָזט זיך דער פּאָעט פון באַרג אַראָפּ:

אָנגערוקט דאָס היטל —
אַ נעם געטאָן דאָס שליטל,
צו דעם באַרג דאָרט מיט אַמאָל
און פון דאָרט אין טאָל.

כ׳קען זיך שליטלען ליגנדיק
און זיצנדיק און וויגנדיק
אויך אויף אַלע פיר —
ווי עס גלוסט זיך מיר.

אָנשטאָט צו באַשרייבן, ווי אַ דערוואַקסענער, ווי יינגלעך גליטשן זיך פון שניי־באַרג, פאַרוואַנדלט זיך קוויטקאָ אַליין אין אַ יינגל און טראָגט זיך פון

באַרג צוזאַמען מיט זיי. דאָ ליגט דער סוד פון דער לעבעדיקער דינאַמיק פון זיינע לידער.

אין זיין פאַרליבטקייט און אידעאַליזאַציע פון דער אַרומיקער וועלט, ווו קעצעלעך טאַנצן, ביי אים, מיט מייזעלעך און די קאַץ שרעקט זיך פאַר פייגעלעך און פישעלעך לאַכן, האָט קוויטקאָ דורכגעלאָזן און ניט באַמערקט, אַז אויף דער זעלבער וועלט סטאַרטשען שאַרפע נעגל, עקזיסטירן ווענדקעס מיט האָקנס און נעצן.

דער פּאָעט הויבט אָן צו פאַרשטיין, אַז זיין קינדערישע פאַרליבטקייט רייסט אים צו ווייט אַוועק פון דער פיינפולער און האַרבערווירקלעכקייט. פאַרבייט ער, אָפּט, זיינע דיטיראַמבן און אָדעס, אויף איראָניע. דאָס גיט זיך אים גלענצנדיק איין. צו איינס פון זיינע דיטיראַמבן לידער געהערט "דער אינדיק":

געזאָגט האָט דעם אינדיקס עק
צום קאָפּ:
— דו גייסט אַלץ פון פאָרנט
און טרעטסט מיר ניט אָפּ.
דאָס שיינדל בין איך דאָך...
גיי הינטן — איך פיר!
— נו פיר... זאָגט דער קאָפּ אים, —
נאָר מיך ניט פאַרשמיר...

פירט דאָס עקל דעם אינדיק!
איז שיין זעט עס אויס!
ער פאַלט אין אַ בלאָטע
און קריכט קוים אַרויס.
ער טרעפט אין אַ פייער
און סמאַליעט זיך אָפּ.
— אוי ווי — שרייט דער אינדיק, —
ווען עק ווערט אַ קאָפּ,
איז בעסער דעם אינדיק
שוין ליגן אין טאָפּ!

קוויטקאָ האָט זיינע לידער געשאַפן ניט נאָר ביי זיין שרייבטיש, נאָר אומעטום. די אינספּיראַציע האָט אים קיינמאָל ניט פאַרלאָזט. ער האָט געשריבן שנעל און פיל.

זיין פרוי, בעטי קוויטקאָ, דערציילט:

"די זון איז געווען קוויטקאָס גרויסע ליבע. ווען נאָך אַ געוויטער האָט די זון זיך ווידער באַוויזן, האָט ער ניט געקענט איינזיצן אין שטוב און געשלעפּט מיך אין גאַס אַריין: "קום, קום, די זון איז אַרויס!". ער האָט מיך געהאַלטן ביי דער האַנט און געשפּאַנט מיט פאַרמאַכטע אויגן, געשעפּטשעט שורות פון אַ נייעם ליד און געבעטן מיך: "פאַרגעדענק".

אַרבעטן האָט ער געקאָנט אָן אַ סוף. אויב קיינער האָט אים ניט געשטערט, האָט ער שעהן־לאַנג פאַרבראַכט מיט זיין בלאָקנאָטל, אַרומגעגאַנגען פון איין צימער אין צווייטן, זשעסטיקולירט. די ברייט־צעעפנטע אויגן האָבן דערביי קיינעם ניט געזען, ער האָט גאָרניט ניט געהערט. לאַנג זיצנדיק אין טיפן פאָטעל, פלעגט ער אַרומכאַפּן מיטביידע הענט אַ קני און ווייטיקדיק זיך וויגן. אָפט זענען טרערן געשטאַנען אין זיינע אויגן".

און ווייטער דערציילט בעטי קוויטקאָ, אַז אַפילו אין דער פינצטער האָט ער זיינע לידער פאַרשריבן:

"געשריבן האָט ער מיט פּיצינקע בלייערלעך. יעדן בלייער געשניטן אויף קליינע אָפּשניצלעך און צעשטעקט זיי אין אַלע קעשענעס. אָפטמאָל האָט ער זיך אויפגעכאַפּט ביינאַכט און, ניט אָנצינדנדיק קיין ליכט, כדי מיך ניט אויפצוועקן, געפירט מיטן בלייער אין דער פינצטער".

לייב קוויטקאָ האָט ניט געקאָנט פאָרויסזען, אַז עס דערנענטערט זיך די צייט, ווען זיין אָפנהאַרציקער גלויבן אין מענטשן, אין דער נאַטור, אין לעבן, וועט ווערן אַזוי אכזריותדיק באַליידיקט און צעטראָטן. אין אָנהויב פון היטלעריזם, און שפּעטער, אין זיין אייגענעם לאַנד, וואָס ער האָט אַזוי באַזונגען און באַקרוינט.

אין די ערשטע טעג פון 1949, ווערט קוויטקאָ אַרעסטירט און אין 1952 אומגעבראַכט. (קוויטקאָ האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דער אַרבעט פון

ייִדישן אַנטי־פֿאַשיסטישן קאָמיטעט, געווען איינער פֿון זײַנע סעקרעטאַרן און אַ מיטגליד פֿון פּרעזידיום).

אין זײַן אַרט פֿון שרײַבן האָט קוויטקאָ פֿאַרמאָגט די אייגנשאַפֿטן פֿון אַ פֿאָלקס־פּאָעט, אַ פֿאָלקס־זינגער. און געוויס איז גערעכט טשוקאָווסקי, ווען ער פֿאַרגלײַכט אים צו די גרויסע פּאָעטן, וואָס פֿאַרבלײַבן נאָענט צום אייגענעם פֿאָלקלאָר — אַזוי ווי נעקראַסאָוו, בעראַנזשע, שאַנדאָר פּעטעפֿי און ראָבערט בערנס.

מיט ליב קוויטקאָ האָבן מיר פֿאַרלוירן אַ פֿאָלקס־פּאָעט אין בעסטן און שענסטן זין פֿון וואָרט. און וואָס העלער עס קלינגען זײַנע לידער, אַלץ פּײַנלעכער פֿילן מיר זײַן שרעקלעכן טראַגישן אומקום.

דער טאָג פון באַקומען אונדזערע דיפּלאָמען איז געווען אַ פייערלעכער, פריידיקער און אויך אַ טרויעריק־אומרואיקער.

1939. פיר יאָר זענען פאַרביי ווי מיר, אַ גרופּע יוגנטלעכע, האָבן צוזאַמען געלערנט, געמיינזאַם דורכגעמאַכט אומפאַרגעסלעכע טעג, וואָס האָבן אונדז דערנענטערט. איצט איז געקומען דער טאָג ווען מיר צעשיידן זיך; ווער קיין קיעוו, ווער קיין מינסק און ווער גאָר קיין בירא־בידזשאַן. די מער גליקלעכע פאַרבלייבן אין מאָסקווע. האָט טאַקע אַזוי פּאַסירט, אַז מיין מיידל ווערט געשיקט קיין אָדעס און איך פאַרבלייב אין מאָסקווע.

היינט אין אָוונט זענען מיר איינגעלאַדן אין אַקטיאָרן־הויז. צוזאַמען מיט רוסישע קאָלעגן, וואָס האָבן פאַרענדיקט זייערע טעאַטער־סטודיעס, וועלן מיר אויפנעמען שלמה מיכאָעלסן. ער וועט האַלטן זיין געזעגענונגס־שמועס אויף דער טעמע "פּאָעזיע אין דער שאַפונג פון אַקטיאָר".

אין ליכטיקן זאַל הערשט אַ פייערלעכע שטימונג: מען רעדט הויך, איינער דעם אַנדערן באַגריסט. מען טוישט זיך מיט די קומענדיקע אַדרעסן. ביים וואַנט קלאַפּט זיך אַ בחור אין האַרץ און זינגט צו זיין טרויעריק מיידל פּושקינס "וואָס גרייט מיר דער מאָרגנדיקער טאָג?".

מיטאַמאָל, פאַרגייט דער גערויש. עס באַווייזט זיך דער יום־טובדיק־אויס־געפּוצטער מיכאָעלס מיט אַ ווייס בלימל אין לאַץ. ער זעט אויס ווי פאַרייִנגערט, זיין פּנים שמייכלט. ער דערזעט אונדזער גרופּע און באַגריסט אונדז מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט. מיכאָעלס פאַרשטייט גוט די שטימונג פון די, וואָס רינגלען אים איצט אַרום און וואַרטן אויף זיין וואָרט.

איייניקע, פון געוווינהייט, נעמען אַרויס קליינע נאָטיץ־ביכלעך און גרייטן זיך צו פאַרשרייבן אַרויסגעבראַכטע וויכטיקע געדאַנקען, כדי זיי מיטצונעמען אין דעם וויַיטן וועג, וווּ דער גורל וועט זיי מאָרגן פאַרוואַרפן.

מיכאָעלס דעקט צו זיין פּנים מיט דער דלאָניע, פאַרמאַכט די אויגן, ווי דאָס טוט אַ למדן, שווייגט אַ פּאָר מינוט און הויבט אָן רואיק, באַטראַכט, זיין שמועס *).

***

— קודם כל וויל איך דאָ אַרויסזאָגן דעם אפּיקורסישן געדאַנק אַז ווער ווייסט צי מיר וועלן נאָכן היינטיקן שמועס ווערן אַ סך קליגער. איך זאָג דאָס ניט פון באַשיידנקייט, אויך ניט דערפאַר, ווייל איך האַלט אַז מיין שמועס איז ניט וויכ־טיק אָדער ניט אינטערעסאַנט, ניין, דווקא מיין איך אַז עס קאָן זיין, אַז איך וועל אייך דאָ איבערגעבן אייניקע אינטערעסאַנטע זאַכן. נאָר צי וועט דער שמועס אויסלערנען בעסער שפּילן, צי וועט ער העלפן עמעצן פון אייך צו ווערן אַ גרויסער אַקטיאָר — אין דעם צווייפל איך פערזענלעך, ווייל איך גלויב ניט. איך גלויב ניט אַז עס איז פאַראַן אַן איין־און־איינציקע שול, וועלכע זאָל קענען מאַכן גרויסע מייסטערס. איך מיין אַז יעדער קינסטלער לייגט אַליין דורך זיין אייגענעם וועג, און דעריבער קען מען ניט אויסלערנען אַן אַקטיאָר שפּילן. עס זענען ניטאָ אַזעלכע מענטשן, וואָס זאָלן קענען אויס־לערנען שפּילן, צייכענען, וואָס זאָלן אויסלערנען שאַפן. עס זענען נאָר פאַראַן מענטשן וואָס קענען זיך אויסלערנען שפּילן.

און פונדעסטוועגן קען די דערפאַרונג פון אַ צווייטן שוישפּילער, אַן אויפ־געגומענע אויף אַ באַזיניקטן אופן מיט אַריינגעטראַכטער קריטישער אָפּשאַצונג, מיט אינערלעכער רעוויזיע, זיין נוצלעך כדי צו פאַרשטיין און באַגרייפן דעם אייגענעם וועג. אָט פון דעם שטאַנדפּונקט קענען צומאָל נוצלעך זיין שמועסן.

נאָך מיין דעפיניציע איז יעדער קינסטלער, דער שוישפּילער אַריינגע־רעכנט, מחויב צו לעבן אין אַ געשטאַלטן־וועלט, וואָס אויסער איר, איז ניטאָ קיין קונסט.

אָט דער געביט, וואָס איז, ווי מיר דאַכט, דער עיקרדיקער, איז דער געביט פון פּאָעזיע, זאָל מיר דערלויבט זיין אָנצורופן דעם אַקטיאָר מיטן נאָמען פּאָעט.

---

*) דער שמועס איז ציטירט לויט דער אויסגאַבע פון: שלמה מיכאָעלס „אַרטיקלען, שמועסן, רעדעס", אַרויסגעגעבן אין מאָסקווע אין יאָר 1960. ער שטימט פולשטענדיק מיט דער לעקציע וואָס איך האָב געהערט.

צי דען איז דער מאָלער לעוויטאַן ניט קיין פּאָעט? צי דען איז סטאַניסלאַווסקי ניט קיין פּאָעט?

פֿון שטאַנדפּונקט פֿון וויסנשאַפֿטלעכן אויפֿנעמען די ווירקלעכקייט קענען מיר קומען צו דער דעפֿיניציע פֿון אירע געזעצמעסיקייטן. נאָר כּדי אַריינצו־דרינגען אין תּוך פֿון דער ווירקלעכקייט ווי די רענטגען־שטראַלן, וואָס דרינגען דורך אַ גאַנצע ריי צודעקן און אַנטפּלעקן דעם אינעווייניקסטן געבוי — דערצו איז נויטיק פּאָעטישע באַגאַבונג.

קען זיין אַז דאָס איז אַן אייגנווייליקע השערה, נאָר מיר דאַכט, אַז אָן אַזאַ געפֿיל וואָלט איך ניט געקענט אַרבעטן, כ׳וואָלט ניט געקענט שאַפֿן. איך פֿיל זיך מער פּאָעט ווי אַקטיאָר. אָבער איך פֿיל זיך ווי אַ פּאָעט, טאַקע אויפֿן גע־ביט פֿון שוישפּילערישער אַרבעט. מיין וועלט, די וועלט אין וועלכער איך לעב, די וועלט וועלכע איך דריק־אויס אויפֿן קול, אַלץ דאָס וואָס איך פֿיל — דאָס איז די וועלט פֿון פּאָעטישן אימאַזש. עס זענען ניט פֿאַראַן אויף דער וועלט מענטשן, וועמען עס זאָל אינגאַנצן זיין פֿרעמד פּאָעזיע. פּאָעזיע קומט אַבסאָלוט צו אַלע קעפּ, צו אַלע אויגן, צו דעם געהער פֿון יעדן מענטשן, צו דעם אינער־לעכן געפֿיל פֿון יעדן מענטשן. אין געוויסע מאָמענטן פֿון לעבן ווערט יעדער מענטש אַ פּאָעט.

מיטאָמאָל הויבן אָן זאַכן, מענטשן, געשעענישן צו ריידן צו זיין האַרץ און שכל. דו באַגרייפֿסט זיי ניט נאָר שכלדיק, נאָר דו הויבסט זיי אָן צו פֿילן. געוויסע מייסטער, געוויינטלעכע בעל־מלאָכות פֿילן אַזוי אינטים אַ זאַך. צי דען פֿלעגט איך ניט איבעררעאַשן ווי צ. ב. אַ זייגערמאַכער דרינגט אַריין אין דעם מעכאַניזם פֿון זייגער. ער קוקט אויפֿן זייגער און איר פֿילט, אַז ער פֿאַרשטייט אין אים עפּעס אַזוינס, וואָס אונדז, די באַשטעלערס, איז עס אומצו־טריטלעך. יעדעס שרייפֿעלע זאָגט אים עפּעס. אויסערן פֿאַרשטיין דעם מעכאַ־ניזם קען ער דאָס לעבן פֿון דער זאַך. פֿאַר אַזאַ בעל־מלאָכה אַ פּאָעט, באַ־שיינט די מלאָכה אייגנאַרטיק די ווירקלעכקייט, די מלאָכה באַשטימט זיין אויפֿ־נעמען דאָס אַרומיקע לעבן.

אַזוי טרעפֿט עס ביי בעל־מלאָכות און נאָך מער ביי אַ קינסטלער. ביי אַ קינסטלער אַ פּאָעט, קומט אויף אַן אינטים פֿאַרשטיין אַ גאַנצע ריי דערשיי־נונגען פֿון דער ווירקלעכקייט. אָט דאָס אינטימע פֿאַרשטיין שאַפֿט אימאַזשן, ריכטיקער — דאָס ברענגט מיט זיך אַ בילדעריש דערפֿילן דאָס לעבן.

די עיקרדיקע פּראָבלעם אין דער קונסט, איז שטעלן די אויפגאַבע, צו אַנטוויקלען אין זיך דאָס פּאָעטישע געפיל. צי דער אַקטיאָר פאַרמאָגט עס — דאָס איז די הויפּט־פראַגע. אויב ער האָט עס אינגאַנצן נישט קען מען שוין דאָ גאָרניט העלפן. וועגן דעם האָט דער באַרימטער יידישער שרייבער שלום־עליכם געזאָגט ״טאַלאַנט איז ווי געלט: ווער עס האָט — האָט, און ווער עס האָט נישט — האָט נישט״.

אויב ריידן וועגן סאַמע תוך פון אַקטיאָרישן טאַלאַנט, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס איז אַ טאַלאַנט פון אַ פּאָעטישן כאַראַקטער, וואָס פירט צום געביט פון בילדערישן אויפנעמען די וועלט.

— אין אַזאַ אָדער אַנדער מאָס איז דאָס בילדערישע פילן דאָס לעבן צו־טריטלעך פאַר יעדן מענטשן. אויף יעדן שריט און טריט, קענט איר הערן ווי עמעצער דערציילט: ״ווי איך האָב אים נאָר אָנגעזאָגט די פריידיקע בשורה, איז ער פריער געוואָרן ווייס ווי לייוונט, בוכשטעבלעך טויט, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעצונדן, האָט אַ שפּרונג געטאָן פאַר פרייד, ביזן סאַמע הימל״. אָט דאָס זענען שטאַרק היפּערבאָלישע שילדערונגען פון מענטשלעכן צושטאַנד. דער מענטש האָט אין לעבנס־שטייגער פאַרשלעפּט די שילדערונגען, אָבער מיט דעם אַלעמען איז עס אַ פּרווו צו שילדערן מיט בילדערישע מיטלען.

— דאָס איז לויט מיין מיינונג די ערשטע הנחה: אפשר האָב איך עס איבערגעגעבן פאַרפּלאָנטערט, נאָר יעדנפאַלס איז עס, דוכט זיך, דאָס, וואָס איך ווייס עס שוין אינערלעך, איך ווייס אַז דאָס איז אומפאַרמיידלעך, אומבאַ־דינגט נויטיק. דאָס איז די פּאָעטישע באַאַבונג פון מענטש. מען דאַרף קענען אַרויסרופן אין זיך אָט דאָס פּאָעטישע געפיל ביים אויפנעמען און איבער־

געבן דאָס, וואָס דו ווייסט. דאָס איז די ערשטע עיקרדיקע טעזע און מיר ווילט זיך, אַז דאָס זאָל ווערן קלאָר.

— ווייטער. די צווייטע באַזונדערקייט פון שוישפּילערישער אַרבעט: אונדזער געביט פון אַקטיאָרישער פּאָעזיע ברענגט מערסטנטייל דערצו, אַז עס ווערט געבוירן אַ מענטשלעך געשטאַלט, כאָטש דאָס זעלבע קומט אויך פאָר אין דער ליטעראַטור. די איבערצייגונגס־קראַפט פון אייניקע ליטעראַרישע גע־שטאַלטן איז אַזוי שטאַרק, אַז איר רעכנט זיך מיט זיי ווי זיי וואָלטן עקזיסטירט אין דערווירקלעכקייט. אַ סך דורות זענען פאַרביי אונדזער ערד, אָבער אין



שלמה מיכאָעלס און יוסף שיין
בעת אַ געשפּרעך
מיט יונגע שוישפּילער.
אין מיטן, דער טעאַטער־קריטיקער
אַ. טעאַטראַלאָוו.

דעם געדעכעניש פון פאָלק, זענען פאַרבליבן בלויז די געשטאַלטן פון די גרעסטע העלדן, געשאַפן דורך קינסטלער פון גרויסן טאַלאַנט. זיי לעבן מיט אונדז ביי דער זייט, זיי באַגלייטן אונדז און מיר קענען זיי אָפּטמאָל בעסער ווי מיר קענען אונדזערע נאָענסטע באַקאַנטע, בעסער ווי אונדזערע אייגענע עלטערן, ברידער און שוועסטער. אַזעלכע זענען צ. ב. כליעסטאַקאָוו (הויפּט־העלד פון גאָגאָלס פּיעסע "דער רעוויזאָר" — י. ש.), אָניעגין (יעווגעני אָניעגין פון פּושקין), פּעטשאָרין ("העלד פון אונדזער צייט" — לערמאָנטאָוו). מיר האָבן זיך דאָך מיט זיי באַגעגנט, מיר זענען מיט זיי אַריינגעטראָטן אין געוויסע נאָענטע באַציאונגען. זיי האָבן אונדז עפּעס געלערנט. מיר ווערן פון זיי קליגער, מיר נעמען פון זיי מער ווי פון אונדזערע שוועסטער, ברידער, איידעמס א. א. וו. זייער באַלערנדיקייט פאַר אונדז איז זייער גרויס, זייער איינדרוקס־קראַפט איז אומגעהויער, און מיר נעמען עס אָפטמאָל ניט אין אַכט. אַזעלכע געשטאַלטן זענען אַ רעזולטאַט פון אַ פּאָעטישן איבערשאַפן די ווירקלעכקייט. דאַרפן מיר אויך שטרעבן צו שאַפן געשטאַלטן פון אַזאַ כוח, געשטאַלטן וואָס זאָלן ניט זיין קיין פאַריבערגייענדיקע, וואָס זאָלן פאַרמאָגן אַ באַווירקנדיקע ענערגיע. נו, אוודאי, דאָס בילדערישע. אָבער אַן אימאַזש ווערט דעמאָלט אַ קינסטלעריש געשטאַלט, ווען ער איז ווירקלעך אַ רעזולטאַט פון אַ גרויסער אינערלעכער פּאָעטישער אַרבעט, פון אַ שעפערישער אַרבעט. דעריבער זענען פאַראַן פאַלן פון בלויז דערנענטערן זיך צו אַ געשטאַלט, פאַראַן איינטאָגיקע געשטאַלטן וועלכע לעבן ניט לאַנג און שטאַרבן אָפּ ניט איבערלאָזנדיק קיין שפּור. עס זענען אָבער פאַראַן געשטאַלטן וואָס לעבן איבער יאָרהונדערטער, וואָס ווערן שטענדיקע באַגלייטערס פון די מענטשן: צו שאַפן אַזעלכע געשטאַלטן דאַרפן מיר שטרעבן. וואָס איז דאָס כאַראַקטעריסטישע אין אַזעלכע געשטאַלטן?

דאָס אויסגעצייכנטע אין זיי, דאָס אויפרודערנדיקע, דאָס וואָס עס פאַרגעדענקט זיך צום שטאַרקסטן איז דאָס וואָס זיי לערנען אונדז, ס'הייסט זייער אידייאישער אינהאַלט, וואָס זיי טראָגן מיט זיך, אָדער וואָס האָט זיך באַקומען פון אונדזער באַקאַנטשאַפט מיט זיי. מיר קענען נישט פאַרבייגיין כליעסטאַקאָוון און ניט מאַכן קיין אויספירן. באַלד ביי דער ערשטער באַקאַנטשאַפט, צי מיר ווילן צי מיר ווילן ניט, באַרייכערט ער אונדז אידייאיש.

אָניעגין באַרייכערט אידייאיש, פּעטשאָרין באַרייכערט אוודאי אידייאיש, ער עפנט מערקווירדיקע שלעסער אין דער אינערלעכער וועלט פון מענטשן. נאָר אין וואָס דריקט זיך אויס אָט דער אידייאישער אינהאַלט?

געוויינלעך ווען מירריידן אין אונדזער צייט וועגן אידייאישן אינהאַלט, מיינען מיר, אַז מיר מוזן אומבאַדינגט ריידן וועגן סאָציאַליזם, וועגן דער באַציאונג צום סאָציאַליזם, וועגן די נייע פּראָדוציר־פאָרמען, וועגן די נייע פּראָדוקציע־באַציאונגען, נאָר דאָס, חברים, הייסט נאָך נישט אידייאישער אינהאַלט. דאָס אידייאישע אין כּלעסטאַקאָוון איז געווען אומגעהויער. דאָס איז געווען אַן אומגעהויער קריטיש, אָדער ריכטיקער געזאָגט פאַמפלעט־געשטאַלט, דאָס איז געווען די אַנטפּלעקונג פון איין שטריך וואָס האָט כאַראַקטעריזירט אַ גאַנצע געזעלשאַפט. ווי אַזוי איז דער שטריך געוואָרן אַרויסגעבראַכט? נעמט אין אַכט אַז כּלעסטאַקאָוו לייגט ניט אויס קיין שום פּאָליטישע אָדער עקאָנאָמישע פּראָגראַם. ער באַרירט ניט כּמעט די פראַגע פון מענטשנס קאַמף פאַר זיין עקזיסטענץ, וועגן די פאָרמען פון קאַמף. די אידייע ווערט דורך גאָגאָלן איבערגעגעבן דורך דעם גורל פון אָט דעם מענטשן. דאָס "גורלדיקע" איז אין אים דאָס באַלערנדיקסטע: די סביבה, אין וועלכער ער איז אַריינגעפאַלן, די סיטואַציע, אין וועלכער ער באַוויזט זיך, הויבן אָן צו ריידן פאַר זיך אַליין, ווי אַזוי ער פירט זיך אויף אין דעם אַמביאַנס, אין דער סיטואַציע, ווי אַזוי גאָגאָל מאַכט אים זיך אויפהויבן אין דעם אַמביאַנס. אַזוי ווערט אַנטפּלעקט דער אידייאישער אינהאַלט פון דער געשטאַלט.

פּעטשאָרין שרייבט אין זיין טאָגבוך אַז אין אים לעבן צוויי מענטשן — איינער לעבט און ווירקט און דער צווייטער זיצט און קריטיקירט. אַזוי פאַרשטייט ער זיך אַליין און אַזוי פילט ער. נאָר איר, לייענער, קענט דאָך אַמאָל קומען צו אַנדערע אויספירן. דאָס וויכטיקסטע און ווערטפולסטע איז ניט דאָס וואָס פּעטשאָרין טראַכט און רעדט וועגן זיך, נאָר דאָס, וואָס עס געשעט מיט אים. זיין אויפפירונג, זיין אינערלעכער אומרו, זיין אומגלויבלעכער אומעט, זיין אַרויסרוף דעם גורל, דער שטענדיקער אַרויסרוף, זיין ניט פאַרשטיין אַ גאַנצע ריי זאַכן און דאָס געפיל פון פאַרביטערטקייט וואָס קומט אויף אַ דאַנק זיין ניט פאַרשטיין — אָט וואָס עס איז ווערטפול. אַזעלכע געפילן פלעגן אַרומכאַפּן לערמאָנטאָוון אַליין, זיי פלעגן דעם פערצן־יאָריקן לערמאָנטאָוו מאַכן ריידן אַז "די הימלישע קלאַנגען האָבן פאַר אים ניט געקאָנט פאַרבייטן די אומעטיקע לידער פון דער ערד". ער האָט געהאַט אַ בענקשאַפט נאָך "הימלישע קלאַנגען" אַן אומגעהויערע בענקשאַפט נאָך ליכט און מיטאַמאָל איז ער געבליבן שטיין פאַר אַ ווירקלעכקייט, וואָס איז ניט געווען אין הסכם מיט זיין אינערלעכן אומעט און בענקשאַפט.

אַט דאָס מיינט אידייאישער אינהאַלט. ביי דעם מחבר, ביי לערמאָנטאָװ, איז געװען אַ פירנדיקע אידייע — אומעט, בענקשאַפט. ביי אַ מחבר איז שטענ־דיק פאַראַן אַן אידייע, דאָס װאָס ער פילט און װיל אויסדריקן אין דער דער־קלערונג פון געװיסע קאָמפּליצירטע דערשיינונגען. אָט די אידייע װערט דאָס פלייש און בלוט אין דעם גורל פון דער געשטאַלט. דעריבער פירט זיך האַמלעט אויף פונקט אַזוי און ניט אַנדערש. דעריבער פאַלט אַריין אָטעלאָ דווקא אין אַזעלכע סיטואַציעס און ניט אין אַנדערע; דערפאַר קומט פאַר ביים קעניג ליר אַזאַ צונויפפאַל פון אומשטענדן, געשעענישן, דערשיינונגען און ניט קיין אַנ־דערע. דאָס איז אויסגעמאָסטן דורכן מחבר, דאָס איז אויסגעקליבן דורכן מחבר, װי דער ריכטיקסטער מיטל אויף צו אַנטפּלעקן זיין אידייע. מיר קענען זאָגן, אַז אַ סצעניש געשטאַלט איז עכט פּאָעטיש װען עס שטעלט מיט זיך פאָר אַ פולן פינקטלעכן אויסדרוק פון דער אידעע פון דעם געגעבענעם דראַמאַטורגישן גע־שטאַלט, װען עס טראָגט אין זיך יענעם געדאַנק, װאָס האָט געפירט דעם מחבר ער זאָל זיך נעמען צו דער פּען.

װאָס איז דאָס אַזוינס דער גורל פון געשטאַלט? דאָ גיי איך, אייגנטלעך, אַריבער צו דער סטיכיע פון שוישפּילערישער אַרבעט. מיר דאַרפן — װי עס דריקן זיך אויס אַ סך רעזשיסאָרן — "שפּילן כאַראַקטערן". דערביי װערט דורך דעם אַקטיאָר זייער איינפאַך געלייזט די פּראָבלעם "כאַראַקטער". דער אַקטיאָר האַלט, אַז מען דאַרף צוגעבן צו דער שטים עפּעס אַ טיפּישע אויס־דריקלעכקייט: דאָ ראַשט ער מיט אַ פאַלצעט, דאָרט — מיט אַ ביסל הייזע־ריקלעכער שטים, דאָס אַלץ דערנענטערט צום כאַראַקטער: דערנאָך קען ער זיך דערלויבן צו הינקען אויף אַ פוס א. א. װ. אָבער דאָס אַלץ קען דאָך אויך ניט זיין! צ. ב. סאַנדראָ מאָיסי האָט קיינמאָל ניט געביטן זיין אויסערלעכקייט, זיין שטים. און דאָך זיך אויסגעצייכנט אַן עצה געגעבן מיט זיינע שוישפּילערישע אויפגאַבעס. עלעאָנאָראַ דוזע פלעגט שטענדיק זיין אַזאַ װי זי איז. דאָס מיינט ניט, פאַרשטייט זיך, אַז מען דאַרף זיך ניט אינטערעסירן מיט איינצלהייטן, מיט עלעמענטן פון אויסערלעכע כאַראַקטער־שטריכן, מען דאַרף עס. נאָר שטעלן אויף זיי דעם טראָפּ, האַלטן זיי װי די דעציזירנדיקע באַשטימענדיקע — דאָס דאַרף מען ניט. װי אַזוי דער מענטש פירט זיך אויף — דאָס איז זיין כאַראַק־טער. דעריבער דאַרף מען שפּילן די זיך אַנטװיקלענדיקע צװישנבאַציאונגען, די צװישנבאַציאונגען פון מענטשן. דאָס איז די איינציקע ספערע פון שוישפּי־לערישער אַרבעט, קיין אַנדערע איז ניטאָ. צוגעבן זיך אַ בראַדאַװקע אָדער ניט צוגעבן, אַ כיכיקע טאָן אויף אַ געװיסן אָרט אָדער ניט; ריידן מיט אַ פאַל־

צעט אָדער באַס — דאָס איז אָרנאַמענטן, באַפּוצונג, דאָס אַנטפּלעקט ניט דאָס וועזנטלעכע? דאַקעגן די אויפפירונג, די צווישנבאַציאונג מיט די איבעריקע פּערסאָנאַזשן, די זיך אַנטוויקלענדיקע צווישנבאַציאונגען — דאָס איז, מאַטע־מאַטיש פאָרמולירט — דאָס וואָס איז נויטיק און וואָס עס איז געוואָרן דערוויזן. אויב מיר ווילן זיך שטעלן אויף אַזאַ פּאָזיציע ווילן מיר געפינען אַ זין, אַזוי צו זאָגן, אין דער לערע וועגן קאָנטאַקט; וואָס איז אַזוינס קאָנטאַקט, וואָס מיינט פילן דעם פּאַרטנער, וואָס מיינט זיין אויפמערקזאַם א. ד. גל.? דאָס אַלץ וועט פּאַקטיש ווערן אַריינגענומען אין דעם עיקרדיקן, אין די צווישנבאַצי־אונגען מיט דעם אַקטואירנדיקן פּערסאָנאַזש. אויב איך שפּיל די צווישנבאַ־ציאונגען מיט אים, אויב איך ווייס פּינקטלעך וואָס איך באַדאַרף פון אים, צו וואָס איך בין געקומען, ווי אַזוי איך פיל אים, ווי אַזוי איך זאָל צו אים צוגיין אויף צו דערגרייכן דעם ציל, צו וואָס איך טו דאָס אַלץ, וואָס עס וועט פון דעם אַרויסקומען, — אויב איך ווייס דאָס אַלצדינג, איז ניט נויטיק צו ריידן וועגן קאָנטאַקט. דער קאָנטאַקט וועט זיך שוין שאַפן פון זיך אַליין. קאָנטאַקט פאַר זיך, ווי אַזעלכער, עקזיסטירט איבערהויפּט ניט, עס זענען פאַראַן צווישנ־באַציאונגען פון דראַמאַטורגישן כאַראַקטער, פון סצעניש כאַראַקטער, אָבער ניט קיין קאָנטאַקט בכלל, אַבסטראַקט מיט אַ באַזונדערן פּערסאָנאַזש, עס איז ניט פאַראַן קיין פילן אַבסטראַקט דעם פּאַרטנער אָדער אַ זאַך. פאַר מיר האָט עס ניט קיין שום זין.

איבער וואָס דאַרף איך, דער שוישפּילער, אַרבעטן? וואָס דאַרף באַקומען אַ בילדערישן אָפּקלאַנג? אַ בילדערישן אָפּקלאַנג דאַרף דער עיקר באַקומען דער "ווי אַזוי" איך פיר די אַנטוויקלונג פון מיינע צווישנבאַציאונגען מיט דער גאַנצער וועלט פון די פּערסאָנאַזשן, מיט יעדן פּערסאָנאַזש באַזונדער, פון וואָס עס ווערט צוזאַמענגעשטעלט די קאַנווע פון מיין אויפפירונג דורכן ספּעקטאַקל, דורך דער פּיעסע.

אָט איז אַ קליינער ביישפּיל: דער קעניג ליר האָט דריי טעכטער: די עלטסטע — האָנעריליאַ, די צווייטע — רעגאַנאַ, און די יינגסטע — קאָרדעליאַ. די ערשטע צוויי טעכטער זענען ליגנעריש, פאַלש, פאַרקערט די דריטע, קאָר־דעליאַ, איז אַ ליכטיק געשטאַלט, אַן אויפריכטיק געשטאַלט. פון אייביק אָן האָט זיך ביים קעניג איינגעשטעלט ניט נאָר אַן אייגן פאַרשטיין יעדע פון די דריי טעכטער, נאָר באַזונדערע איינגעוואָרצלטע פאָרמען פון באַגריסן זיך מיט יעדערער פון זיי, שמועסן מיט איינער אָדער אַנדערער א. א. וו.

נאָר אין געוויסע שאַרפֿע, קריטישע מאָמענטן פֿון זיין לעבן, קומען ביים קעניג אויף מיטאַמאָל נייע פֿאָרמען פֿון באַציאונג מיט די טעכטער. ווען האָנע־ריליאַ האָט אַרויסגעטריבן דעם פֿאָטער, דעם קעניג, וואָס האָט איר אָוועק־געגעבן אַ טייל פֿון זיין קעניגרייך, כאָטש דער קעניג האָט געוווסט, ווער עס איז האָנעריליאַ — דער טייל פֿון גיהנום אַליין — פֿונדעסטוועגן איז ער געווען דערשיטערט פֿון דעם בילד פֿון מענטשלעכער געמיינקייט. און אָט איז ער צוגעגאַנגען צו דער טאָכטער, גאָר נאָענט, כדי מיט אָפֿענע אויגן נענטער אַריינבליקן אין האָנעריליאַ. דער דאָזיקער זשעסט איז נאָר אַ בילדערישער מיטל, אַ נייע פּאָזיציע, וואָס איז אויפֿגעקומען אין די באַציאונגען צווישן לירן און האָנעריליאַן: איין זשעסט — האַרט צוגיין און זיך אַריינקוקן אין איר.

דערנאָך, ווען רעגאַנאַ האָט אויך אַרויסגעטריבן דעם קעניג, האָט ער באַשלאָסן צוגיין צו איר אַנדערש. "דו ביזט ניט אַזעלכע, דו ביזט אַ גוטע. דו ביזט ניט אַזאַ ווי דיין שוועסטער, דו וועסט ניט פֿאַרטרייבן דיין פֿאָטער". נאָר מיטאַמאָל פּאַטשט ער זי אין די באַקן. דאָס איז אַ צווייטע האַנדלונג, אַן אומגעריכטע פֿאַרן קעניג אַליין — אַ האַנדלונג וואָס כאַראַקטעריזירט אויך עפּעס אַ קריטישן מאָמענט אין זיינע צווישנבאַציאונגען מיט רעגאַנאַן. ער האָט געוווסט, דער קעניג, ווער עס איז רעגאַנאַ, פֿונדעסטוועגן האָט ער געהאַט די האָפֿנונג, אַז זי איז בעסער, ווי ער האָט וועגן איר געטראַכט. ער האָט זי געוואָלט אַ צערטל טאָן, נאָר אין דעם מאָמענט האָט דער גאַנצער ווען אירער זיך אַנטפּלעקט מיט אַזאַ אָפֿנקייט, מיט אַזאַ פּלוצלינגדיקער און עקל־דיקער קראַפֿט, אַז ער האַלט ניט אויס און פּאַטשט זי.

און צום סוף — די דריטע טאָכטער — קאָרדעליאַ, אַ טאָכטער בנוגע וועלכער ער אַליין האָט זיך אַרויסגעוויזן דער שולדיקער. עס פֿלעגט זיין, ווען ער פֿלעגט אַרויף אויפֿן טראָן, פֿלעגט די טאָכטער ווי זיך אויסבאַהאַלטן הינ־טערן טראָן און ער פֿלעגט זי זוכן, כאָטש ער האָט גוט געוווסט, ווו זי באַ־האַלט זיך אויס. פֿריער האָט ער דערפֿילט, אַז קאָרדעליאַ איז אַ ניט פֿאָלגעוו־דיקע, זי וויל אים שטעלן אַ ווידערשטאַנד, און דערנאָך אַנטפּלעקט ער דווקא אין איר האַרץ אַן אויפֿריכטיקע ליבע צו אים. ער דערשרעקט זיך כמעט פֿאַר זיין פּלוצלינגדיקן גליק. מיט ציטערנדיקע הענט גלעט ער קאָרדעליאַן איבערן קאָפּ און לאַכט דערביי מאָדנע.

דאָס זענען דריי זשעסטן וואָס באַצייכענען דריי פאַרשיידענע געפילן, און יעדערער פון די דאָזיקע זשעסטן אַנטפּלעקט אַן ענדערונג אין די באַציאונגען פון קעניג מיט יעדערער פון זיינע טעכטער.

וואָסזשע שטעלן מיט זיך פאָר אָט די זשעסטן? דאָס איז ניט קיין סימ־באָליק. דאָס זענען ניט קיין סימנים וואָס דאַרפן עפּעס באַצייכענען, דאָס זענען ניט קיין פאָרמאַליסטישע איבונגען. דאָס זענען בילדערישע לייזונגען פון באַ־שטימטע סיטואַציעס, וואָס העלפן צו פאַרשטיין דעם פּאָעטישן לייטמאָטיוו פון לירס גאַנצן לעבן, פון זיין גאַנצער טראַגעדיע.

איך וויל נאָך זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן דעם בילדערישן. און צו וואָס דאַרף מען איינגאַנצן דאָס בילדערישע? צו וואָס איז עס אונדז נויטיק אָט דאָס בילדערישע? עס זענען פאַראַן ווונדערלעך פּשוטע זאַכן אויף וועלכע מיר לייגן ניט קיין אויפמערקזאַמקייט. מיר פילן זיי ניט. איינע פון די זאַכן איז די פאַרשלאָסנקייט פון מענטש. עס איז פאַראַן אַ רוסיש שפּריכוואָרט: ״אַ פרעמדע נשמה איז חושך״; עס איז פאַראַן אַ יידיש שפּריכוואָרט: ״דער בויך האָט נישט קיין פענצטער״. דער זין פון די שפּריכווערטער איז דער זעלבער. זיי רעדן וועגן דער פאַרשלאָסנקייט פון מענטש. און אָט דערמאָנט זיך מיר, ווען כ׳האָב קינדוויז געלערנט אין חדר, אַז מיר פלעגט שטענדיק אינטערעסירן דער בליץ פון הימל. מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַ בליץ איז אַ שפּאַלט, דורך וועלכן איך וועל אפשר קענען דערזען ״אים״, גאָט, וואָס זיצט דאָרט און קען דורך דעם שפּאַלט אויף אַ רגע זיך אַנטפּלעקן. דעריבער פלעג איך זיך שטענדיק יאָגן כאַפּן די רגע, ווען עס פלעגט געבן אַ בליץ, כדי אַהין אַריינצובליקן. דאָס בילדערישע וואָלט איך פאַרגליכן צו אַ בליץ, וואָס אַנטפּלעקט פאַר אונדז אויף אַ רגע די אינערלעכע וועלט פון מענטש.

דאָס אויפפירן זיך, די האַנדלונג איז די בילדערישע אַנטפּלעקונג פון מענטש.

אָט דערפאַר זענען כלעסטאַקאָווס, אָניעגינס, טאַטיאַנעס אויפפירן זיך פול מיט ווונדערלעכע איינצלהייטן, אויף וועלכע מיר לייגן אָפט ניט קיין אויפמערק־זאַמקייט. למשל דער פאַקט וואָס דער בריוו פון טאַטיאַנען צו אָניעגינען איז אָנגעשריבן ניט אויף רוסיש נאָר אין פראַנצויזיש איז אינטערעסאַנט ניט נאָר פון דעם שטייגער־שטאַנדפּונקט פון דער עפּאָכע. איך בין זיכער אַז טאַטיאַנע וואָלט געוואָלט זיך דערקלערן אוממיטלבאַר אין רוסיש, נאָר זי האָט געפילט אַז

אַניעגין וועט אַזאַ פּשוטן מאַניר נישט פאַרשטיין, און פאַרקערט אין "מלחמה און שלום", באַשרייבנדיק די ליבע־דערקלערונג צווישן פּיער בעזוכאָוו און העלען איז כדי צו באַווייזן די אויסגעליידיקטע, רייך־פאָרמעלע זייט פון דעם אַריס־טאָקראַטישן ראָמאַן, לייגט טאָלסטאָי אַריין אין פּיערס מויל איין פראַזע:

Je vous aime

און דאָס איז גאָר.

אָט זענען זיי, די בילדערישע ווערטער, וועלכע דעקן אויף מיטאַמאָל די אינערלעכע וועלט פון מענטש, אַזעלכע ווערטער רוף איך רענטגען־שטראַלן, וועלכע דרינגען אַדורך די גרעב פון לעבנס־שטייגער און צעשטערן די פאַר־שטעלונג אַז אַ "פרעמדע נשמה איז חושך". דערפאַר באַנוץ איך זיך אין מיין אַרבעט מיט אַלץ, וואָס קען דינען צו באַאיינדריקן פּאָעטיש, נישט מורא האָבנדיק אַז דאָס קען פאַרטריקענען, אָדער אָפּציען מיין אויפמערקזאַמקייט; פאַרקערט, אַלץ וועט ווערן אַריינגעצויגן אין דער שפּיל.

לאָמיר זאָגן, אַז מיר איז נויטיק רעזשיסעריש צו געבן אַ זין דעם טויט פון אַ יידישער מוטער, וואָס גייט אויס פאַר בענקשאַפט נאָך אירע טעכטער, וועלכע האָבן פאַרלאָזט די היים. (מיכאָעלס האָט דאָ געריידט וועגן אַ סצענע פון "טביה דער מילכיקער"). לויטן מחבר איז זי קראַנק און ליגט אין בעט. נאָר איך האָב זיך דערלויבט צו ענדערן דעם קלינישן רעזשים. ביז איר לעצטער מינוט שאַרט זי זיך איבער די ווינקלען און שטאַרבט אויף דער שוועל, אויף דער זעלבער שוועל, איבער וועלכער עס האָבן אַריבערגעטראָטן אירע טעכטער ווען זיי זענען אַוועק אין דער ווייטער וועלט אַריין. און די שוועל באַ־קומט אַ בילדערישע באַזינונג — ווי עס וואָלט זי אַ ציִ געטאָן צו די טעכטער, און אַן אונטערגעשניטענע פון טויט פאַלט זי צו דער שוועל פון איר שטוב. אָט פאַרוואָס מיר האָט זיך אויסגעוויזן פאַר ריכטיק, אַז פאַרן טויט, דערמאַנענ־דיק זיך אין די טעכטער איז איר קאַלט און זי איז איינגעוויקלט אין טיכער! און פריער פאַלט אַראָפּ איין טיכל, איין צודעק, דערנאָך דער צווייטער און דריי־טער צודעק — ווי דאָס וואָלט געווען שטיקער לעבן וואָס פאַלן פון איר און זי פאַלט מיט אַ הוילן קאָפּ אויף דער שוועל.

דאָס זענען בילדערישע מיטלען וועלכע מען דאַרף, לויט מיין מיינונג, באַ־נוצן כדי דער אַקטיאָר זאָל ניט זיין סתם אמתדיק, נאָר עכט, ווי אַ פּאָעט. אויף וויפיל איך וועל קענען געפינען אָט די בילדערישע מיטלען הענגט אָפּ פאַר

מיר פערזענלעך דאָס עיקרדיקע: אויף וויפיל איך וועל זיך יאָ אָדער ניט אויפהויבן אויף דער הויך פון אויטענטישער קינסטלערישער פאַראַלגעמיינונג. מיר דוכט זיך, אַז יעדער אַקטיאָר דאַרף זיך פילן באַרופן פּאָעטיש צו שאַפן, פּאָעטיש צו געבן אַ זין דער ווירקלעכקייט.

**
*

מיכאָעלס האָט פאַרענדיקט. עס איז געוואָרן שטיל. די פנימער האָבן זיך גערויטלט, די אויגן האָבן נאָכגעפאָלגט זיין איטלעכן זשעסט. באַלד האָבן זיך אַ שאָט געטאָן פון אַלע זייטן פראַגן. מיכאָעלס האָט ניט פאַרצייכנט: ער האָט זיך אַריינגעהערט און פאַרגעדענקט איטלעכע פראַגע, אויפגעכאַפּט דעם מיין און אינטערעס פון יוגנטלעכן. ביז שפּעט אין אָוונט האָבן מיר אים פאַרהאַלטן און געוואָלט אַרויסבאַקומען נאָך און נאָך.

האַרציק האָט זיך די יוגנט געזעגנט מיט דעם באַליבטן שוישפּילער און טעאַטער־דענקער. מען האָט זיך געפילט גייסטיק באַרייכערט. עס איז געווען וועגן וואָס נאָכצודענקען און נאָכצוקלערן. אַרויסגייענדיק צוזאַמען אויף דער ברייטער גאָרקי־גאַס, האָט מען פאַרגעזעצט, צעהיצט, מיט טעמפּעראַמענט, דעם געשפּרעך. ביסלעכווייז האָבן זיך אָפּגעטיילט באַזונדערע פּאָרלעך. איז דאָך, פאַר פיל די היינטיקע נאַכט, די געזעגנונגס־נאַכט מיט מאָסקווע, מיט נאָענטע און גאָר נאָענטסטן אָדער נאָענטסטע.

די דאָזיקע נאַכט האָט געשטעלט אַ מחיצה צווישן אַן אומפאַרגעסלעכן לעבנס־אָפּשניט, און אָנהויב פון אַ נייעם, שווערן און טראַגישן וועג. פאָרויס האָט דערוואַרט מלחמה, גבורה, הונגער און אומקום. אַ סך פון די צוהערער אין יענעם אָוונט האָבן שפּעטער געפונען זייער טויט אויף די שניי־פעלדער אַרום מאָסקווע.

אַ פאָרגעפיל פון עפּעס טראַגישעס האָט מען געפילט אין אַ סך פון אונדז. און דעריבער האָט מען אַזוי וואַרעם זיך געאָרעמט. אַריינגעקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן, ווי וועלנדיק פאַרגעדענקען און פאַרהיטן, אפשר צום לעצטן מאָל, דאָס פּייערל, וואָס עס האָט אָנגעצונדן שלמה מיכאָעלס.

14־טער יאַנואַר, 1948.

איבער מאָסקווע איז געשטאַנען אַ פראָסט, פאַרצויגן מיט רויך, וואָס האָט זיך אויפגעהויבן פון די גאַסן, סקווערן און אַלייען.

דער מייקאָווסקי־פּלאַץ, נעבן קאָנצערט־זאַל, אויפן נאָמען פון טשייקאָווסקי, ווו איך האָב זיך אָפּגערעדט צו טרעפן מיט מיין פריינדין, איז געווען באַזונדערס באַלעבט: פידלער, קלאַרנעטיסטן, וויאָלאָנטשעליסטן האָבן געאיילט צו דער פּראָבע. אין אָוונט טרעטן זיי אויף מיט אַ גרויסן סימפאָנישן קאָנצערט. אין פּראָגראַם: בעטהאָווען, גריג, טשייקאָווסקי. דיריגענט — נאַטאַן ראַכלין, סאָליסטן — דוד אויסטראַך און עמיל גילעלס.

11 אַזייגער בייטאָג.

נעבן אַרטיסטן־אַריינגאַנג איז שוין פּוסט. מיין פריינדין איז ניט געקומען. וואָס האָט פּאַסירט?

איך האָב אָנגעדרייט אין טעלעפאָן־דיסק דעם נומער.

— וואָס האָט פּאַסירט?

דער ענטפער איז געקומען ניט מיטאַמאָל. מיט אַ געשטיקטער שטים האָט זי מיר געזאָגט: איך אייל זיך טאַלעטשקען. מיכאָעלס איז אומגעקומען.

ווי אַזוי? ווו? ווען איז דאָס געשען? — וויטערדיקע פראַגן זענען געווען איבעריק. איך בין אַרויס פון טעלעפאָן־ביידל. עמעץ האָט מיך באַטראַכט. מיין אויסזען איז אים, קענטיק, ניט געפעלן.

דער שניי האָט געשאָטן; דער ווינט האָט אים אונטערגעכאַפּט און געשמיסן מיט אים איבערן פּנים. אין די אויערן האָט נאָך אַלץ געקלונגען: מיכאָעלס איז אומגעקומען. מיכאָעלס — די פאַרקערפּערונג פון לעבן, ענערגיע, קראַפט, דענ־קען — ליגט איצט ערגעץ־ווו ווייט פון מאָסקווע אַ טויטער? און פאַרוואָס שפּירט שוין מיין פריינדין, אַז מען דאַרף ניט, אַז מען טאָר ניט ריידן וועגן דעם?

די טירן פון מעטראָ זענען געווען ברייט צעעפנט. צענדליקער האָבן זיך געשטופּט וואָס גיכער אַראָפּצונידערן מיט די עסקאַלאַטאָרס צו די באַנען. זיי האָבן זיך געאיילט, געטריבענע פון פראָסט, געטרייסלט פון זיך דעם שניי, געריבן די פּנימער און הענט כדי זיך צו דערוואַרעמען.

איך בין געגאַנגען מיט דער ברייטער סאַדאָוואַיאַ־גאַס צו דער מאַלאַיאַ־בראָנאַיאַ. דאָרט, אין טעאַטער, צווישן אַקטיאָרן, וועט מען דערגיין וואָס עס איז געשען.

די ברייטע סאַדאָוואַיאַ־גאַס פירט ביז צום קאַזיכינסקי־געסל און פון דאָרטן איז שוין נאָענט מאַלאַיאַ־בראָנאַיאַ, ווו עס געפינט זיך דער מאָסקווער יידישער מלוכה־טעאַטער.

איך האָב געשפּאַנט דורך ווינט און שניי. מען האָט שלעכט געזען די פּנימער פון די פאַרבייגייענדיקע. מען האָט אויסגעמיטן צו טרעפן זיך מיט אַ בליק. בעסער ניט קענען, ניט זען דעם אומבאַקאַנטן דורכגייער. דאָס איז געזינטער, זיכערער... פאַר מיינע אויגן איז געשטאַנען שלמה מיכאָעלס, מיט וועלכן איך האָב זיך ערשט ניט לאַנג געטראָפן.

דאָס איז געווען מיט צוויי־דריי וואָכן צוריק, פאַר זיין פאָרן קיין מינסק. אין זיין קאַבינעט אויף מאַלאַיאַ־בראָנאַיאַ, פון וואַנען מען קומט אַריין הינטער די קוליסן און ווו עס שפּיגלט זיך דאָס טאָג־טעגלעכע טעאַטער־לעבן — איז ער געזעסן אַ מידער און פאַרטראַכטער. אין קאָרידאָר נעבן אַריינגאַנג, אין זיין אויפנעם־צימער, זענען געזעסן עטלעכע עלטערע פרויען, אַ יונגערמאַן, אַן אַקטיאָר פון רוסישן טעאַטער, אַ סאָלדאַט. זיי זענען, ווי אַ סך אַנדערע, געקומען נאָך אַן עצה, נאָך הילף צו סאָלאָמאָן מיכאַילאָוויטש מיכאָעלס, דעם דעפּוטאַט פון מאָסקווער סאָוועט.

די ערשטע יאָרן נאָכן קריג זענען געווען פול מיט זאָרג פאַר די צענד־ליקער טויזנטער צוריקגעקומענע יידן פון דער עוואַקואַציע, פון פראָנט. מען האָט באַדאַרפט אָנהויבן פון דאָסניי, אָפּנעמען די פאַרנומענע וווינונגען, איינ־אָרדענען זיך אויף אַרבעט. מיכאָעלס האָט אָפּגעגעבן פיל צייט און מי פאַר די צוריקגעקומענע יידן. ער האָט אָפּגעקלאַפּט די שוועלן פון קאָמיטעטן, מי־ניסטעריומס, ראַיאָן־סאָוועטן, כדי צו דערשלאָגן זיך אַ פּאָזיטיוון ענטפער אויף די טענות און בקשות פון זיינע וויילער.

ווען איך מיט מיין חבר זענען אַריינגעקומען, איז מיכאָעלס געווען פאַר־נומען מיט אַ טעלעפאָן־געשפּרעך.

— זיין נאָמען, פאָטערס נאָמען, פאַמיליע?

— אַלעקסאַנדער דאַווידאָוויטש מילנער?... ביי איך פאַרשריבן אברהם דאַווידאָוויטש, אַזוי לויטן פּאַספּאָרט... האָט דאָס אַ געוויסן באַטייט פאַר אָנ־קומען אין אוניווערסיטעט? — מיכאָעלס האָט גערעדט מיט אַן אויפגערעג־טער שטים.

ער האָט פאַרהאַלטן דאָס טרייבל, באַטראַכט עס, פונקט ווי ער וואָלט געזען דעם מענטש, מיט וועלכן ער האָט נאָר־וואָס גערעדט.

מיר האָבן אים ניט געוואָלט שטערן מיט אונדזער שמועס. מיר זענען דאָך זיינע שילער, אייגענע.

— זעצט זיך, חברה.

ער האָט אָנגעשפּאַרט זיין ברייט פּנים, מיטן סאָקראַט־שטערן, אויף ביידע הענט מיט די קורצע ברייטע פינגער, וואָס האָבן געקענט דורך פאַרשיידענע באַוועגונגען איבערגעבן די סובטעלסטע געפילן. מיט די דאָזיקע הענט האָט ער אָפּט געקענט מער איבערגעבן און אויסדריקן אַ געדאַנק ווי מיטן וואָרט.

איצט זענען די הענט ביזן עלנבויגן געווען אָנגעשפּאַרט אויפן שרייב־טיש און דער קאָפּ אונטערגעהאַלטן מיט די דלאָניעס. זיינע טיפע, קלוגע, טונקעלע אויגן האָבן ערגעץ געקוקט. ער איז געווען פאַרטיפט אין געדאַנקען, וואָס האָבן אים באַאומרואיקט און געפייניקט.

— איר פֿאַרשטייט, דאָס איז שוין ניט קיין צופֿעליקייט, נאָר פֿאַר־האַנדלט זיך, ביסלעכווייז, אין אַ סיסטעם. מען לאָזט זי ניט אַריין, די אַלטע פֿרוי, אין איר וווינונג, ווייל זי קומט פֿון טאַשקענט, ווו זי האָט זיך „אויס־באַהאַלטן" פֿון קריג — „אייערע" זענען געזעסן אין טאַשקענט, ווען מיר האָבן געקעמפֿט — טענהן זיי — טאָ זיצט דאָרט ווייטער... אָן אַנדערן נעמט מען נישט אויף אַרבעט אָן קיין שום מאָטיוו. פֿאַר אַ דריטן האָט מען פֿאַרמאַכט די טיר פֿון אוניווערסיטעט. וווהין גייען מיר?

ער האָט זיך אויפֿגעשטעלט און צוגעגאַנגען צום פֿענצטער. אויפֿן הויף, ביים וואַנט זענען געשטאַנען טיילן פֿון דעקאָראַציעס. אַ, ער קען זיי זייער גוט. דאָס איז פֿון „פֿריילעכס", זיין רעזשי. ס'איז אונדז אַלעמען געפֿעלן דער געדאַנק, וועלכן מיכאָעלס האָט אַריינגעוועבט אין דער פֿאַרשטעלונג.

דורך פּיין און טרויער, דורך טרערן און קרבנות — צום ווידערגעבורט. מיט געזאַנג און טענץ אונטערגעשטראָכן, אַז מיר זענען נישט אונטערגעגאַנגען, אַז אַ פֿאָלק קאָן מען ניט אומברענגען. עם ישראל חי! בנימין זוסקין, אין גע־שטאַלט פֿון בדחן, גיט דאָס פּרעכטיק איבער...

אָבער די זעלבע, וואָס האָבן אים פֿריער געלויבט, אים צוגעטיילט דעם סטאַלין־פּרייז, מיידן אים איצט אויס, וואַרפֿן אָפּ זיינע בקשות. זיי זאָגן עס אָפֿן ניט אַרויס דעם פֿאָלקס־אַרטיסט פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. אָבער קינסטלער איז געגעבן די געזונטע אינטואיציע. זיי דערפֿילן וואָס ס'איז באַהאַלטן הינטער די העפֿלעכע ווערטער און כלומרשט שמייכלענדיקע ליפּן. זיי לייענען אַרויס דעם אמת. אָן דעם וואָלט דאָך שווער געווען צו פֿאַרשטיין און שאַפֿן אַ גע־שטאַלט, מאָלן אַ בילד, אָנשרייבן אַ בוך.

— די געפֿילן און מחשבות זייערע לגבי אונדז זענען ניט קיין זויבערע. פֿון וואַנען קומט עס? פֿון המון צי פֿון די שפּיצן?

— סאָלאָמאָן מיכאַילאָוויטש, איר פֿילט זיך אוודאי ניט גוט, איר זעט אויס פֿאַרזאָרגט און מיד. מיר וועלן אייך באַזוכן אַ צווייט מאָל — האָב איך מיך געזעגנט צו אים.

— ניין, ניין, דאָס וועט לאַנג ניט דויערן. איך וואַרט סיי־ווי אויף דוד בערגעלסאָן. מיר דאַכט, אַז דעם צווייטן אַקט דאַרף מען היפּש ענדערן.



שלמה מיכאָעלס —
זיין לעצטע פאָטאָ, צוויי טעג פאַר דער
הריגה, 11־טער יאַנואַר 1948.

אויף נאָכמיטאָג איז געווען באַשטימט אַ פּראָבע פון בערגעלסאָנס נייער פּיעסע „פּרינץ ראובני״.

און ווי דערמאָנענדיק זיך אין אונדזער פריערדיקן שמועס, האָט ער אַרויסגערוקט די אונטערשטע ליפּ און טרויעריק אַ שמייכל געטאָן.

— זיי ווילן, איך זאָל פאָרן קיין מינסק, זען עטלעכע פאָרשטעלונגען, וואָס זענען אַרויסגעשטעלט צום סטאַלין־פּרייז. יאָ, איך שפּיר מיך די לעצטע צייט שלעכט. עס איז שוין דאָס דריטע מאָל ווי איך לייג אָפּ מיין נסיעה. אַנאַסטאַסיאַ פּאַוולאָוונאַ וויל דווקא מיטפאָרן. צו וואָס אָפּרייסן זי פון דער אַרבעט און שלעפּן זי אין אַזעלכע פרעסט. היינט האָט מען שוין ווידער געקלונגען. זיי זאָגן צו די בעסטע באַדינגונגען. די טעאַטער־קאָלעקטיוון וואַרטן מיט אומגע־דולד. ווייטער אָפּלייגן קאָן מען ניט. מען מוז פאָרן. מען דאַרף אָנרופן גאָ־לובעווען.

גאָלובעוו — פּאָטאַפּאָוו, דער יידישער טעאַטער־קריטיקער, איז געוואָרן באַקאַנט אַ דאַנק זיין בוך איבער דער קונסט פון דער וועלט־באַרימטער טענ־צערין גאַלינאַ אולאַנאָוואַ. ווי אַ ספּעציאַליסט אויפן געביט פון באַלעט, האָט ער באַדאַרפט פאָרן צוזאַמען מיט מיכאָעלסן דורכצוקוקן עטלעכע פאָרשטע־לונגען אין מינסקער אָפּערן־ און באַלעט־טעאַטער.

מיכאָעלס האָט זיך ניט געקענט טעלעפאָניש פאַרבינדן מיט גאָלובעוון. קיינער האָט ניט געענטפערט אויף זיין טעלעפאָן־רוף.

— סאַלאָמאָן מיכאַילאָוויטש, איך בין געקומען צוזאַמען מיט מיין חבר מאַנדלבוים, וועלכער האָט אויפגעפירט אין טביליסי אַ פאָרשטעלונג אין יוגנט־טעאַטער. ער איז געקומען פאַרטיידיקן זיין פאָרשטעלונג פאַר דער רעגירונגס־קאָמיסיע אויף צו באַקומען דעם טיטל רעזשיסער. ער וויל, איר זאָלט איבער־קוקן די עסקיזן, רעצענזיעס און אַרויסזאָגן אייער מיינונג.

מיין חבר האָט אַלץ אַרויסגעלייגט אויפן שרייב־טיש. מיכאָעלס האָט אַריינ־געקוקט אין די עסקיזן און צוגעגעבן:

— איר מוזט אַרבעטן ביי זיי, איינזאַפּן אין זיך דאָס בעסטע פון זייער קולטור, פון זייער קונסט און ברענגען דאָס אַלץ צו אונדז! איר וועט קיינמאָל

ניט פֿאַרגעסן אײער מוטער־שפּראַך און אָפּשטאַם וויפֿיל צייט איר זאָלט ניט אָפּגעטיילט זיין פֿון אים, פֿון אײער טעאַטער.

עס האָט געקלונגען דער טעלעפֿאָן.

— יאָ, יאָ, נאַסטינקאַ. איך גיין שוין. ניין, איך וועל זיך ניט פֿאַרהאַלטן. עס קומט באַלד דוד (בערגעלסאָן) און מיר קומען ביידע...

מיר האָבן זיך געזעגנט. ס'איז געווען אָנגענעם צו שפּירן דעם דרוק פֿון זיין פֿעסטער האַנט. אין קאָרידאָר איז פֿאַרבליבן נאָר זיין סעקרעטאַרקע, וועלכע האָט געוואַרט אויף וויטערדיקע אָנווייזונגען וואָס צו טאָן נאָכמיטאָג און מאָרגן פֿרי. זי האָט אים צוגעגרייט די ליסטע פֿון די מאָרגנדיקע באַזוכער. ניין, מאָרגן אין דער פֿרי רעפּעטירט ער און וועט אויפֿנעמען נאָר איבער־מאָרגן פֿון פֿיר ביז זיבן.

אין קאָרידאָר האָט זיך באַוויזן דער תמיד שווייגנדיקער טשעטשיק, מיכאָעלסעס שאָטן, מיט זיין געל פּנים און אַש־גרויע האָר. ער האָט דער־שפּירט, אַז באַלד וועט זיך באַווייזן זיין באַלעבאָס. ער וועט שווייגנדיק אים באַגלייטן איבער דעם טווערסקאָי בולוואַר צו זיין וווינונג. אויפֿן וועג וועט ער אים דערמאָנען וועגן אַ באַגעגעניש, וואָס מיכאָעלס האָט געקענט פֿאַרגעסן: אין „וו. ט. אָ." אָדער אין קלוב „צי ד. ר. אי." באַדאַרף מיכאָעלס זען די רוסישע אַקטיאָרן טאַרכאַנאָוו, זאַוואַדזקי, אָבראַזצאָוו. אויף די באַגעגענישן אין די קינסט־לער־קלובן זיצט ער, טשעטשיק, שטענדיק אין אַ זייט, קוקט זיך צו, הערט זיך איין פֿון דער וויטנס אין די געשפּרעכן, שמייכלט מיט זיינע צעקנייטשטע טרויע־ריקע אויגן און בלייבט ווידער שטיל ביז צום סוף פֿון אָוונט. טיילמאָל זיצט מען אַזוי ביז דריי אָדער פֿיר באַגינען. ער באַגלייט ווידער דעם באַלעבאָס אַהיים. אַזוי פֿירט זיך שוין גוטע עטלעכע צענדליק יאָר.

אויפֿן וועג צום טעאַטער איז מיר ווידער געקומען אויפֿן זכרון די גע־שטאַלט פֿון טשעטשיקן. דאָס לעצטע מאָל האָב איך אים געזען נאָך אונדזער געשפּרעך מיט מיכאָעלסן און איצט איז מיר שווער געווען צו באַפֿרייען זיך פֿון אים. ער האָט געוויס געבענקט נאָך מיכאָעלסן, בעת זיין באַזוך אין מינסק, זיצנדיק פֿון געוווינשאַפֿט אויפֿן זעלבן פּלאַץ אין קאָרידאָר נעבן מיכאָעלסעס אַרבעט־צימער.

אָט איז דער טעאַטער. פון די רעקלאַמע־פענצטער זענען די ברעטלעך, אויף וועלכע עס ווערן געמאָלדן די פאָרשטעלונגען, אַרויסגענומען. „היינט דעם פערצנטן און מאָרגן דעם פופצנטן ווערט, צוליבן טויט פון מיכאָעלסן, די פאָר־שטעלונג „פריילעכס" ניט פאָרקומען".

די דאָזיקע מעלדונג האָט אַרויסגעקוקט דורך דער דראָטן־נעץ, ווי אַ גע־פאַנגענער קוקט אַרויס פון הינטער די קראַטעס. דערנעבן זענען געשטאַנען ייִדן, וואָס האָבן שטיל גערעדט צווישן זיך.

דער זעלבער הויף. דער זעלבער אַריינגאַנג אויף די געדיכטע טרעפּלעך. דער זעלבער קאָרידאָר, וואָס כ'האָב אַזוי גוט געקענט. איך האָב ניט געוווּסט, אַז דאָס וועט זיין מיין לעצטער שמועס מיט מיכאָעלסן. און ווי איך וואָלט זיך אויפגעכאַפּט פון זכרונות און געדאַנקען, האָב איך אינסטינקטיוו געוואָרפן אַ בליק אויפן אָרט, ווו עס איז געזעסן טשעטשיק. דאָס בענקל איז געשטאַנען ווי אַן איבעריקס. טשעטשיק איז דאָ ניט געווען. אָפענע טירן. פון אַלע זייטן אָפענע טירן. קיינער פרעגט אייך נישט ווער איר זענט און וואָס איר באַדאַרפט. עס זעט אויס ווי דער באַלעבאָס איז אַוועק אין איילעניש און ניט פאַרשלאָסן דאָס הויז.

דורכן קאָרידאָר איז דורכגעלאָפן בנימין זוסקין. אין זיין גאַנצן געמיט האָט מען געשפּירט פאַרלאָרנקייט און גלייכצייטיק אויפגערעגטקייט. ער האָט איצט פאַרטראָטן מיכאָעלסן. דאָס האָט געלייגט אויף זיינע פּלייצעס אַ קאָלאָ־סאַלע אחריות. ער האָט בשום אופן זיך ניט געקאָנט קאָנצענטרירן. וואָס ס'האָט אים צום מערסטן געפּייניקט איז דאָס ניט פאַרשטיין דעם זין פון דעם, וואָס איז געשען. ער האָט עס אָפּט איבערגעחזרט פאַר פאַרשיידענע מענטשן, ווי זוכנדיק ביי זיי אַן ענטפער אויף דער טראַגישער פראַגע.

פאַרבייגייענדיק נעבן מיר, האָט ער מיר צוגעוואָרפן די זעלבע רעטעניש, אַריינוואַרפנדיק זיין האַנט אין מיינער.

— נו, וואָס זאָגסטו, אַזאַ זאַך... אַזאַ זאַך... — און ניט וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, איז ער ווידער פאַרשוווּנדן אין איינעם פון די צימערן אינעם לאַנגן קאָרידאָר. צוגעשפּאַרט צו דער וואַנט, זענען אין פאַרשיידענע ערטער געשטאַנען אַקטיאָרן. די מערהייט האָט געשוויגן. דער קלאַפּ איז געקומען

אזוי אומגעריכט, אַז זיי האָבן ניט געקאָנט צו זיך קומען. פון זייערע אויגן האָט אַרויסגעקוקט פּחד. פּחד פאַרן היינט און נאָך מער פאַרן מאָרגן. אין האַרצן האָט געעגבבערט די אומרואיקע פראַגע: ווי וועלן מיר עקזיסטירן אָן מיכאָעלסן? די פאַרצווייפלונג און שרעק זענען אין אַ גרויסער מאָס געווען באַרעכטיקט.

מיכאָעלס, ווי אַ פּערזענלעכקייט, האָט זיך אַרויסגעהויבן איבערן קאָלעק־טיוו. ער האָט רעפּרעזענטירט דעם טעאַטער. און אין דעם איז געווען זיין גרויסקייט און די שוואַכקייט פון טעאַטער. ער פלעגט אָפט אַרויסזאָגן דעם געדאַנק, אָפנהאַרציק און מיט זאָרג: "וואָס וועט זיין מיט אייך, ווען איך וועל ניט זיין? איר וועט דאָך פאַרפאַלן גיין". ער האָט אָבער גלייכצייטיק ווייניק געטאָן, כדי די לאַגע צו ענדערן.

בנימין זוסקין, דער גרויסער און אומפאַרגעסלעכער אַקטיאָר, איז געווען צופיל אַריינגעטאָן אין זיין וועלט פון ריינער טעאַטער־קונסט. אַן אַקטיאָר פון טיפער אינטואיציע, האָט ער אַרויסגעבראַכט געניאַל־באַשאַפענע גע־שטאַלטן. זוסקין, דעם מענטשן, האָבן אָבער געפעלט די גרויסע אָרגאַניזאַטאָ־רישע כוחות, וואָס עס האָט פאַרמאָגט מיכאָעלס. עס האָט אים געפעלט די קראַפט פון קאָנען לייזן האַרבע פראַגן אין דער סאָוועטישער טעאַטער־פּראַקטיק, איבערהויפּט אין אַזאַ קאָמפּליצירטן קונסט־אַנשטאַלט ווי ס'איז געווען דער מאָסקווער יידישער מלוכה־טעאַטער.

דאָס האָט איצט די מערהייט פאַרשטאַנען. דאָס האָט געשראָקן און פאַר־נעפּלט דעם מאָרגן.

דער זייגער איז שוין געווען נאָך פינף. אויף מאָסקווער גאַסן האָט אַראָפּ־גענידערט די נאַכט. דער שניי איז געלעגן אַ פעסט־איינגעטראָטענער. מענטשן האָבן אויסגעמיטן צו ריידן וועגן דעם וואָס מען האָט איצט געפילט און איבער־געלעבט.

***

די טרעפּ, וואָס פירן צום פּאַרטער און באַלקאָן, און די דריי זאַלן פון פאָיע זענען געווען פאַרפולט. דער אַריינגאַנג אין צושויער־זאַל איז געווען געשלאָסן. דאָ זענען געווען טעאַטער־טוער, שרייבער, מוזיקער און מיליטער־

לייט. מען האָט אַריינגעלאָזט אונטער אַ שטרענגן קאָנטראָל, לויט אַ ספּעציעלער דערלויבעניש. אמת, אין אַנהויב איז אַלץ צוגעגאַנגען כאַאָטיש, אָבער שפּעטער האָט זיך געפונען די האַנט, וואָס אָרגאַניזירט און קאָנטראָלירט אַלץ און אַלע־מען. דער המון איז פאַרבליבן מחוץ פון טעאַטער און צווישן זיי באַרימטע אַקטיאָרן, גוטע פריינד און פאַרערערס פון מיכאָעלסן.

אַט גייט אַרום, אין דער פאַרטונקלטער פאָיע, הין און צוריק, מיכאַיל טאַרכאַנאָוו, איינער פון די עלטסטע און באַגאַבטסטע אַרטיסטן פון דער רוסישער בינע; ער באַשיינט מיט זיין קונסט פון אַרויסברענגען קלאַסישע געשטאַלטן, יעדע פאַרשטעלונג פון מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער. ער ווענדעט זיך צו די אַרומיקע מיט דער פראַגע: „איר ווייסט ניט, פריינד, ווען וועט מען ברענ־גען צו פירן סאָלאָמאָן מיכאַילאָוויטשן? די אַקטיאָרן, קלימאָוו און סימאָנאָוו, ווייסן ניט וואָס צו ענטפערן דעם טרויעריקן טאַרכאַנאָוו.

סערגיי אַבראַזצאָוו האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף די טרעפּ. זיין גרויסע קונסט פון באַלעבן זיינע ליאַלקעס מיט דיכטונג און מחשבה איז באַקאַנט אין גאַנץ רוסלאַנד. ער האָט ליב געהאַט מיכאָעלסן פאַר דער טיפקייט פון זיין געדאַנק, פאַרן קאָנען צווינגען די הענט ריידן אויף דער בינע, פאַר זיין קלוג־שאַפט. ער האָט זיך נאָר־וואָס דערוווסט אַז מיכאָעלס איז מער ניטאָ.

אַבראַזצאָוון נעמט אונטערן אָרעם סעראַפימאַ בירמאַן. זי מוז מיט עמעצן טיילן וואָס איר פייניקט און באַאומרואיקט. איר שוישפּילערישע אינטואיציע זאָגט אונטער, אַז דער טראַגישער טויט פון מיכאָעלסן איז אָרגאַניזירט פון „אַל־מעכטיקע”, נאָר צוליב וואָס? וואָס גרייט דער דאָזיקער טויט? זי רעדט שטיל, קוים וואָס מען הערט. מען מוז זיין פאָרזיכטיק. דאָס לעבן האָט געלערנט, ער־געץ אין אַ ווינקל שטייען די „אומבאַקאַנטע”...

נעבן אַריינגאַנג אין זאַל, דאָרט ווו עס איז געהאָנגען דער פּאָרטרעט פון מיכאָעלסן, שטייט דער נסתר. ער קוקט זיך איין אין דער פאָטאָגראַפיע. מי־כאָעלס קוקט אַראָפּ, מיט אַזאַ גוטמוטיק־שטיפערישן שמייכל. דער באַזילבערטער קאָפּ פון דעם עלטערן יידישן שרייבער איז טיף אַריינגעזונקען אין די אַראָפּ־געלאָזטע פּלייצעס. זיין שטומער בליק געווענדעט צום אַרום, האָט ווי געוואָרנט: „דאָס אַלץ איז געווענדעט קעגן אונדז. דער טויט פון מיכאָעלסן איז נאָר אַן אָנהויב”.

העכער איבער אַלעמען האָט זיך אַרויסגעהויבן דער שיינער קאָפּ פון פּרץ מאַרקיש. פאַר אים איז מיכאָעלס געווען אַ טייל פון זיין משפּחה. ניט איין מאָל האָבן זיי זיך געאַמפּערט. מיכאָעלס האָט געוואָלט דיקטירן. ביידע זענען געווען שטאַרקע כאַראַקטערן. די ליבשאַפט און דרך־ארץ פון איינעם צום אַנדערן איז געווען אין־לשער. איצט בלאָנדזשעט מאַרקישעס בליק איבער די מענטשן־קעפּ, ווי זוכנדיק דעם שולדיקן. עס דאַכט זיך, ער וועט באַלד אַרויסשרייען אַ קללה, וואָס וועט פאַרהילכן דעם אַרום און אָפּקלינגען אין דער קאַלטער ווינ־טערדיקער נאַכט. ער איילט ערגעץ צו דער וואַנט. און באַלד לאָזט ער אַראָפּ זיין בליק. מאַרקיש מיידט אויס צו ריידן מיט די אַרומיקע. וואָס וועט ער זאָגן? מען מוז זיך קאָנען באַהערשן, באַהערשן דעם פּרעסנדיקן ווייטיק.

דורכן המון האָט זיך דורכגעשלאָגן אַ וועג די מאַיעסטעטישע אַלאַ קאָנ־סאַנטינאָוונאַ טאַראַסאָוואַ, די עכט־רוסישע שיינהייט. אַ זיכערע און שטאָלצע איז זי געגאַנגען פאָרויס צום צושויער־זאַל זיך געזעגענען מיט סאַלאָמאָנען. ער איז איר נאָענט געווען, סאַלאָמאָן. זי געדענקט ווי טיף־אָריגינעל ער האָט אַנאַליזירט טאָלסטאָיס אַנאַ קאַרענינאַ דעמאָלט ווען דער קינסטלערישער טעאַ־טער האָט געגרייט די פאָרשטעלונג און איר איז צוגעטיילט געוואָרן די ראָל פון אַנאַ. וויפיל שעהן איז זי דעמאָלט געזעסן מיט סאַלאָמאָנען?

די טירן פון גרויסן זאַל זענען פאַרמאַכט.

— וואָס? מען האָט אים נאָך ניט געבראַכט, — פרעגט זי ביי דעם און ביי יענעם.

אונטן, ביי די טרעפּ שטייט אַלעקסאַנדער פאַדייעוו. ער, דער פאָרזיצער פון שרייבער־פאַרבאַנד, ווייס אפשר מער פון אַנדערע... דאָס מענטשלעכע אין אים, דער געוויסן פון דורות רוסישע שרייבער, פאָדערן אַן ענטפער. צי קען ער שלום מאַכן מיט דער חרפּה?... נאָר אַ קויל אין קאָפּ... צעשפּליטערן דעם שאַרבן און אַן עק. ער גיט אַ טרייסל אָפּ פון זיך די באַהערשטע מחשבות. מאָרגן, אויף דער לוויה וועט ער אַרויסטרעטן. ער וועט זאָגן וואָס פאַר אַ פאַרלוסט ס'איז דער טויט פון מיכאָעלסן פאַר דער גאַנצער סאָוועטישער קולטור.

דער זייגער האָט געשלאָגן זיבן. צום טעאַטער איז צוגעפאָרן אַ פאַר־

מאַכטע מאַשין. מען האָט אים געבראַכט! אויף די טרעפּ שטייט בנימין זוסקין. דער קראַנץ האָר פון זיין קאָפּ איז צעפּאטלט. ער לויפט אויף די טרעפּ ביז דער אויבערשטער פּאָיע. אַלעמענס אויגן זענען געווענדעט צו די ווייסע מיר־מעלנע טרעפּ.

דעם שוואַרצן ארון טראָגן זעקס מענטשן. זיי האָבן זיך געאײַלט. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי מען וויל וואָס גיכער פאַרענדיקן.

דער ארון איז גרויס. זעט אויס, אַז מען האָט אים צוגעגרייט אין איי־לעניש, ניט וויסנדיק פאַר וועמען ער איז באַשטימט. דאָס איז געווען אַ "ספּעצזאַקאַז". דעם ארון האָט באַגלייט דער פּראָפעסאָר זבאַרסקי, דער זעל־בער זבאַרסקי, וואָס איז געלערנט אין דער קונסט פון באַלזאַמירן און אויף וועמען עס איז געלעגן די אחריות צו פאַרהיטן פאַר דורות לענינען. דער ייד זבאַרסקי האָט גוט געקענט דעם פאַרשטאָרבענעם. ער איז געווען אַן אָפטער גאַסט ביי מיכאָעלסן אין הויז. איצט האָט מען אים באַפּולמעכטיקט אָנצווענדן זיין גאַנצע קונסט און וויסן, כדי צו ברענגען מיכאָעלסעס געזיכט אין אַזאַ צושטאַנד, אַז מען זאָל אים קאָנען אַרויסשטעלן פאַר די טויזנטער, וואָס זענען געקומען מיט אים זיך געזעגענען. זבאַרסקי האָט געטראָגן אין דער רעכטער האַנט אַ פלאַך הילצערן קעסטל, ענלעך צו אַ גרים־קעסטל.

— ער וועט אים גרימירן, דאָס וועט אוודאי לאַנג דויערן — האָבן די מענטשן זיך געסודעט.

די טירן אינעם אויבערשטן פּאָיע האָבן זיך געשלאָסן. פון די טרעפּ איז אַראָפּגעקומען בנימין זוסקין. אויך אים האָט מען פאַרבאָטן צו זיין בעת דער אַרבעט פון פּראָפעסאָר זבאַרסקי.

די צייט האָט זיך לאַנגזאַם געצויגן. עס איז שוין פאַרביי אַ האַלבע שעה און דער פּראָפעסאָר אַרבעט נאָך. ערגעץ הינטער די קוליסן, ווייט פון המון, האָבן זיך גרופּירט די אַקטיאָרן פון טעאַטער. זיי האָבן געוואָלט איבערלעבן דעם גרויסן אומגליק אין דער אייגענער משפּחה. עמעצער בויגט זיך צו מיר צו און שעפּטשעט עפּעס. איך גיי דעם מענטשן נאָך ביז די קוליסן, כדי זיך צו געזעגענען מיט מיכאָעלסן. איך קוק זיך אַרום און זע, אַז איך ווער גע־פירט פון בנימין זוסקין. אינעם פאַרמאַכטן זאַל האָב איך אויך געטראָפן מיינע חברים־אַקטיאָרן. אויף אַ ספּעציעל־צוגעגרייטער בימה איז געלעגן שלמה מי־

כאָעלס אין אַ שוואַרצן אַנצוג. זיין טויט געזיכט אָנגעשטרענגט. מיר האָט זיך געדוכט אַז אָט־אָט וועט ער עפּעס זאָגן. אויפן גערדאַנק זענען מיר געקומען זיינע ווערטער, כ׳האָב זיי געהערט און אַפילו נאָכגעזאָגט.

— מיך רעגט מער פון אַלץ די טעמע: דער מענטש אַוועקגעשטעלט פּנים אל פּנים מיט דער וועלט, די אויפפירונג פון אָט דעם מענטש, אַ סטימולירטער דורך דער ליידנשאַפט פון דערקענטעניש. דער מענטש קוקט זיך איין אין דער וועלט מיט דער ליידנשאַפטלעכער שטרעבונג, זי צו דערקענען און דערקלערן. די ליידנשאַפט פון דערקענטעניש איז די סאַמע שטאַרקסטע ליידנשאַפט, ווייל אַפילו ליבע איז דאָך אַ מין וואַריאַציע פון דערקענטעניש־ליידנשאַפט ? און ווען דו זעסט אַ הימל־שרייענדיקן פאַרברעכן קעגן עלעמענטאַרער גערעכטיקייט, ווען דו זעסט די שרעקלעכע פאַרברעכנס, וואָס ווערן באַגאַנגען אין דער וועלט, ביסטו מחויב צו דערקלערן, דערקענען, נעמען שטעלונג צו דעם אַלעמען. אָט פאַרוואָס מיך רעגט מער פון אַלץ אַן די טראַגישע געשטאַלט פון מענטש, דעם אייביק־זוכנדיקן, דעם בונטאַרישן, וואָס מאַכט טעותן און וואָס דערגייט סוף כל סוף צו באַצאָלן מיטן לעבן פאַר אַ ברעקל אמת !

פאַר וועלכן אמת האָט ער באַצאָלט מיט זיין לעבן ?

אין אַ גערדיכטן קרייז אַרום מיכאָעלסעס ארון איז געשטאַנען זיין משפּחה, יידישע אַקטיאָרן. איינע פון די עלטסטע, רחל ראָם, האָט איצט באַוויינט איר לערער און בינע־פּאַרטנער. זי האָט אויסגעשפרייט די הענט, אַרומגענומען זיינע ברייטע פּלייצעס און מיט געוויין צוגעלייגט איר קאָפּ צו זיין ברוסט. קיינער האָט איר נישט געפּרוּווט אַוועקנעמען. שרה ראָטבוים, איינע פון די באַגאַבטסטע אַקטריסעס פון טעאַטער, האָט אַריינגעקוקט אין מיכאָעלסעס פּנים, ווי זי וואָלט וועלן אַרויסלייענען זיינע לעצטע ווערטער. באַלד וועט מען עפענען די טירן. שידלאָ און גערטנער זענען צוגעגאַנגען צו זוסקינען און אים וועגן עפּעס דערמאָנט. זוסקין האָט זיך אַראָפּגעבויגן צו רחל ראָם און אַוועקגענומען זי פון טויטן. — גערדענקט, מיר זענען אַ קאָלעקטיוו און מיר דאַרפן ווייטער אָנגיין — האָט זוסקין שטיל אַרויסגעזאָגט.

מען האָט געמאַכט אַ וואַרע פאַר מיכאָעלסעס צוויי טעכטער. זיי זענען צוגעקומען צום ארון. זיי האָט באַגלייט זייער שטיפמוטער, אַנאַסטאַסיאַ פּאַוו־

לאָוונאַ פּאָטאָצקאַיאַ. מען האָט געבראַכט פאַר זיי שטולן. די אַקטיאָרן האָבן זיך אויסגעשטעלט פון ביידע זייטן. די טירן האָבן זיך ברייט צעעפנט. מיט פּאַמעלעכע טריט זענען די מענטשן געגאַנגען פאָרויס. אָט איז מיכאַיל טאַר־כאַנאָוו. ער גלעט מיט זיין האַנט דעם טויטנס פּויסט. זיינע אַלטע אויגן וויינען אויס די לעצטע טרערן.

טאַרכאַנאָוו איז צוגעקומען צו דער פאַראַבלטער משפּחה. זיינע הענט נעמען פּאַטערלעך אַרום די צוויי טעכטער, טאַלען און נינאַן. דאָס איז געווען מער ווי אַן אויסדרוק פון צוגעבונדנקייט און פריינדשאַפט צו מיכאָעלסן פון רוסישע קינסטלער. ער האָט געבויגן זיין קאָפּ פאַרן פאַרשטאָרבענעם.

צווישן די, וואָס זענען געקומען אָפּגעבן כבוד מיכאָעלסן, האָבן זיך גע־פונען מענטשן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט אים דורכגעמאַכט די שווערע יאָרן 1936 און 1937. זיי געדענקען זיין אַרויסטריט אויף דער ערשטער אַלפאַרבאַנ־דישער רעזשיסאָרן־קאָנפערענץ, ווען מען האָט אַרעסטירט מייערכאָלדן, ראַ־פּאַלסקין, באַבעלן, און עס זענען ליקווידירט געוואָרן טעאַטערס און שולן.

אין יענע טעג האָט ער פאַרמאָגט די דרייסטקייט, אין דער אַנוועזנהייט פון פּראָקוראָר ווישינסקי, פאַר אַן איבערפולטן זאַל צו זאָגן:

„פאַרוואָס וויל מען ביי אונדז דווקא אַלץ שערן אונטער איין קעמל? יעדער מענטש, וואָס האָט הינטער זיך אַ פערציק־פופציק יאָר לעבן, אַ צוואַנציק־דרייסיק יאָר אַרבעט, האָט אַ רעכט אַליין זיך צו דערגרונטעווען, באַנוצנדיק זיך מיט אַלץ אין דער וועלט, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין זיין לערע און לעבן, און גלייכצייטיק פונאַנדערוויקלען די געשטאַלטן מיט זיינע אייגענע הענט. קען מען דען אָפּעררן מיט גרייטע פאָרמען, מיט גרייטע זאַכן ניט איינ־שליסנדיק זיי אין דעם אָרגאַנישן תוך פון געשעענעם? פאַרוואָס האָבן טאָל־סטאָי, זאָלאַ און באַלזאַק אינגאַנצן פאַרשיידענע טעמעס און אידייען, פאַר־שיידענע אופנים און מעטאָדן? עס איז נויטיק צו שליפן די שעפערישע פערזענלעכקייט, ניט אָנבינדן איר קיין שום סיסטעם, נאָר זי איינאַימפּן דער־מיט, וואָס אין דעם סיסטעם איז פאַר דער פערזענלעכקייט צום בעסטן צוגעפּאַסט".

די דאָזיקע ווערטער געדענקען גוט אַלעקסיי פּאָפּאָוו, אַלעקסאַנדער זאַ־וואַדסקי, אַלעקסאַנדער טאַיראָוו און רובען סימאָנאָוו, איוואַן בערסעניעוו און

אַלעקסיי דיקי — פירנדיקע טעאַטער־פּערזענלעכקייטן, וואָס געפינען זיך איצט נעבן טויטן מיכאָעלס.

אַלאַ טאַראַסאָוואַ גייט נישט אַוועק. זי שטייט לעבן דעם ארון און אירע ליפּן שעפּטשען.

— זעט, זיינע פינגער זענען געביילט אין פויסטן, זיין אונטערשטע ליפּ — אַרויסגעשטעלט פאָרויס.

— אַט אַזוי זעט אויס בעטהאָווענס טויטן־מאַסקע — זאָגט עמעצער.

איך קוק אויף דער שיינער טאַראַסאָוואַ און דערמאָן מיך וועגן דער לעצ־טער אָפיציעלער אויפנאַמע אין קרעמל ביי סטאַלינען, ווו זי האָט זיך מיט מיכאָעלסן באַגעגנט. ערשט מיט אַ חודש צוריק האָט עס זוסקין דערציילט פאַר אַקטיאָרן.

ביי לאַנגע רייך־געדעקטע טישן זענען געזעסן מיטגלידער פון פּאָליט־ביוראָ, מיניסטאָרן, מאַרשאַלן און גענעראַלן. „דער פאָטער פון די פעלקער" איז געווען אין אַ גוטער שטימונג. דער הויפּט־געשפּרעך איז אָנגעגאַנגען דאָרט ווו עס איז געזעסן סטאַלין. פּלוצים האָט זיך אויפגעשטעלט סאָלאָמאָן מיכאָי־לאָוויטש:

— איך וויל ריידן.

עמעצער איז צוגעגאַנגען פון דער זייט און געבעטן אים זיך זעצן. מיכאָעלס האָט מיט כעס אָנגעקוקט דעם פרעמדן. די אויסגעטרונקענע גלעזלעך אין קרייז פון אַקטיאָרן האָבן אים צעוואָרעמט. ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן איבערן לאַנגן טיש און אויסגערופן:

— איך בין אַ פרייער מענטש, צי נישט? וויל איך, וועל איך ריידן, וויל איך — וועל איך שווייגן.

דער געשפּרעך ביי די פירער האָט זיך איבערגעריסן. ס'איז געוואָרן שטיל. דאָס איז געווען אַ דראָענדיקע שטילקייט, וואָס איז געווען געפערלעך פאַר יענעם, וואָס האָט זי אַרויסגערופן.

די געשאַפענע סיטואַציע האָבן גוט פאַרשטאַנען זיינע קאָלעגן אַקטיאָרן פון מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער, וועלכע האָבן אויפגענומען מיט געלעכטער און אַפּלאָדיסמענטן דעם כלומרשטן שפּאַס פון דעם קלוגן סאַלאָמאָן.

דער קאָנפליקט איז אַדורך בשלום.

טאַראַסאָוואַ דערמאָנט זיך איצט, ווי אַזוי זי האָט דעמאָלט גענומען מי־כאָעלסן אונטערן אָרעם און מיט אים פאַרלאָזט דעם פייערלעכן באַנקעט.

— איצט האָבן מיר דיך נישט פאַרהיט, ביסט געווען ווייט — מורמלען אירע ליפּן.

פאַרביי דעם ארון איז געגאַנגען דאָס פאָלק. זיין פאָלק, וואָס ער האָט אַזוי ליב געהאַט און וועלכן ער האָט אָפּגעגעבן זיין קונסט. צווישן זיי עלטערע יידישע פרויען, וואָס מען טרעפט אַזוי זעלטן אויף מאָסקווער גאַסן. פרויען מיט קינדער אויף די הענט, זקנים און שולקינדער.
אַ זקנה האָט אויסגערופן:

— וואָס האָבן זיי געהאַט צו דיר? פאַרוואָס האָבן זיי דיך אַוועקגעהרגעט?

צוויי אַקטיאָרן האָבן די יידישע פרוי אָפּגעפירט אָן אַ זייט, געפרווּט באַרואיקן.

מען האָט געוווּסט, אַז די אויספירער פונעם מאָרד רינגלען אַרום מיכאָעלסן אויך איצט. זיי שטייען דאָ מיט פאַרקריצטע ציין און וואַרטן. מען באַדאַרף איינ־האַלטן אין זיך דעם ווייטיק, ווייל מאָרגן וועלן זיי נקמה נעמען.

ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, אָן אויפהער, האָט געשטראָמט די מענטשן־מאַסע. מען האָט געזען אויך פּיל רוסן — קינסטלער, סטודענטן, מיליטער־לייט. צוויי ביינאַכט האָט מען געשלאָסן די טירן פון דרויסן.

צומאָרגנס האָט זיך דער באַזוך איבערגעחזרט. עס זענען אָנגעקומען יידישע טעאַטער־דעלעגאַציעס פון מינסק, אָדעס, טשערנאָוויץ. דעם זעכצנטן יאַנואַר אין דער פרי איז דער טעאַטער געוואָרן אַרומגערינגלט פון מיליץ־אָפּטיילונגען.

די, וועלכע האָבן באַוויזן אָנקומען צום טעאַטער גאָר פרי, האָט מען דורכגע־לאָזט, די איבעריקע האָבן זיך שוין אָנגעשטויסן אויף אַ מיליץ־קאָרדאָן. דער דראַנג דורכצורייסן זיך צום טעאַטער איז געווען אַזוי שטאַרק אַז פיל, איבער־הויפּט יוגנטלעכע, זענען געקראָכן איבער דעכער, פּאַרקנס, געזוכט פאַרשיי־דענע דורכגענג.

איליאַ ערענבורג איז צוגעקומען צום מיליץ־קאָרדאָן צוזאַמען מיטן פילם־רעזשיסאָר מיכאַיל ראָם. אַ יונגער מיליציסט האָט זיי פאַרהאַלטן

— בירגער, ווייטער גיין איז פאַרבאָטן.
— מיר זענען געקומען צו דער לוויה.
— עס איז דאָ אַ באַפעל ניט דורכצולאָזן.
— איך בין דער שרייבער איליאַ ערענבורג.

עס איז אָנגעקומען אַ מיליץ־אָפיציר. ערענבורג האָט זיך אים פאָרגע־שטעלט און געוויזן דאָס פאַראיין־ביכל פון שרייבער־פאַרבאַנד, דער אָפיציר האָט אים דורכגעלאָזן.

אַ גרויסער עולם האָט געוואַרט אויף מאַלאַיאַ בראָנאַיאַ. עס איז אָנגעקומען דער טרויער־וואָגן פון מאָסקווער קרעמאַטאָריום. די לוויה איז געוואָרן אַ טרויער־טאָג פון סאָוויעטישן יידנטום. אין טרויער־זאַל פון קרעמאַטאָריום האָבן גערעדט: אַלעקסאַנדער פאַדעייעוו, דער פאָרזיצער פון אַלסלאַוויאַנישן קאָמי־טעט, גענעראַל־לייטענאַנט א. גונדאַראָוו, בנימין זוסקין, איציק פעפער, די רע־זשיסערן אַלעקסאַנדער טאַיראָוו, קאָנסטאַנטין זובאָוו א. אַנד.

איך האָב געפילט, אַז דער געהיימער אויספירער פון מאָרד האָט זיך צוגע־קוקט צו דעם טרויער־פאַראַד. יאָ, אַלץ גייט ווי עס איז אָנגעמערקט. מען האָט מיט כבוד באַערדיקט דעם גרויסן סאָוויעטישן פאַטריאָט, דעם אַלפאַרבאַנדישן פאָלקס־אַרטיסט, סאָלאָמאָן מיכאָעלס.

**
*

שלמה מיכאָעלס האָט פאַרמאָגט אין זיך עפּעס אַזוינס, וואָס האָט מאַג־נעטיש צוגעצויגן יעדן איינעם, וואָס האָט אים צום ערשטן מאָל דערזען. זיין

פּנים האָט פאַרמאָגט די אָריגינעלע שטריכן, וואָס מען טרעפט גאָר זעלטן. אַ פּנים, וואָס איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן. זיין סאָקראַטעס־שטערן האָט גע־לויכטן. די טיפע אויגן זיינע האָבן געקאָנט ריידן אַזוי ווי זיינע הענט. די אַרויס־געשטאַרטע ליפּ האָט צוגעגעבן זיין פּנים ענערגיע און אַנטשלאָסנקייט.

מענטשלעכקייט — דאָס איז מיכאָעלס. ער איז געווען אַ מוסטער פון אַ דענקענדיקן מענטש. אין דער קונסט האָט ער מער פון אַלץ געשעצט דעם פאַראַלגעמיינערטן געדאַנק, דאָס קענען אויסדריקן אַ געדאַנק בילדעריש. ער איז געווען אַ מענטש פון אַן אומגעהויערן שכל און צאַרטן, פילבאַרן האַרץ.

ער האָט גוט געפילט דעם נשמה־צושטאַנד פון זיין מיטשמועסער, זיין אינערלעכע וועלט. ער האָט געפונען אַ צוטריט צו דער וועלט פון מענטש, כדי אים פאַרגרינגערן, ווייזן דעם וועג, העלפן.

שלמה מיכאָעלס איז געווען אַ שטאָלצער ייד. ער האָט אין זיך געטראָגן די ווירדע פון אַ פאָלק, וואָס האָט אַרויסגעבראַכט פון זיך די גרעסטע דענקער און קינסטלער. ער האָט זיך געגרויסט מיט דער יידישער געשיכטע און ליטע־ראַטור און וועגן דעם אָפן אַרויסגעזאָגט זיך. מיט ביישפּילן פון די ווערק פון מענדעלע־מוכר־ספרים, פּרץ, שלום־עליכם, האָט ער באַפּוצט כמעט יעדע אַרויס־טרעטונג זיינע. מיט דעם האָט ער געהויבן די חשיבות פון דער יידישער ליטע־ראַטור. ער האָט אויך זיך באַנוצט, אין זיינע פילצאָליקע שמועסן, מיט בילדער און געשטאַלטן פון תנ״ך.

כ׳דערמאָן זיך איצט מיט וואָס פאַר אַ שעפערישן ברען ער איז צוגעטראָטן אויפצופירן שולמית פון שמואל האַלקין (לויט גאָלדפאַדן). צום ערשטן מאָל זענען אַרויס אויף דער בינע פון מאָסקווער יידישן טעאַטער יידישע פאַסטוכער, קריגער מיט זייער העלד אבשלום און די יונגע שוואַרץ־חנעוודיקע שולמית.

מען האָט אַראָפּגענומען דעם הויקער פון ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק, מען האָט אַוועקגעוואָרפן דעם וואַנדערשטעקן און די בעטלער־טאָרבע פון מסעות בנימין השלישי, ס׳איז פאַרשווונדן די מרה־שחורה פון בויטרע; געזונטע, שטאָל־צע, קרעפטיקע, העלדישע יידן האָבן זייער אָרט פאַרנומען. דאָס זענען געווען פאַסטוכער אין שולמית, קריגער אין בר־כוכבא, ערד־אַרבעטער, בירא־בידזשאַ־נער יידן אין משפחה אָוואַדיס פון פּרץ מאַרקיש. און ער, דער שעפער און

איניציאַטאָר פון דער נייער ליניע אין דער יידישער סאָוועטישער קונסט און ליטעראַטור, האָט זיך אַליין ווי אויסגעגלייכט.

ער האָט הויך געשעצט מענטשלעכע ווירדע, גערעכטיקייט. ער איז אין די סאָמע שווערסטע יאָרן נישט אָפּגעטראָטן פון די רעכט צו פאַרטיידיקן זיין מיינונג, זיין שטאַנדפּונקט. ער האָט דאָס זעלבע געלערנט זיינע קאָלעגן און שילער.

מיר דערמאָנט זיך דער רושם, וואָס האָט געמאַכט זיין ביישפּיל פון פּרצעס מענטש, וואָס קאָן ניט בויגן זיין רוקן. דאָס איז געווען אין די שווערע יאָרן פון אַרעסטן און פאַרשיקונג. אין צענטער פון מאָסקווע, אין דעם גרויסן זאַל פון אַקטיאָרן־הויז, פאַר פיל הונדערטער טעאַטער־קינסטלער, וואַרפט ער זיין רוף פון שטאָלץ און מענטשלעכער ווירדע, דורך פּרצעס געשטאַלט, וואָס זאָגט צום פּאַקיר:

— איך וויל דערלעבן ביז יענער צייט, ווען מענטשן וועלן גיין מיט גלייכע רוקנס און וועלן זיי פאַר קיינעם ניט בויגן.

מיכאָעלסעס שטרייט מיטן געניאַלן רוסישן רעזשיסער, אַקטיאָר און טעאַ־רעטיקער, קאָנסטאַנטין סטאַניסלאַווסקי, איז געווען מער אַ סכסוך מיט די וועלכע האָבן אים פאַלש אויסגעטייטשט, ווי מיט סטאַניסלאַווסקין גופא.

איך דערמאָן מיך מיין באַזוך ביי מיכאָעלסן אין 1945, נאָכן פאַרענדיקן די טעאַטער־אַקאַדעמיע.

— סאַלאָמאָן מיכאַילאָוויטש, איך בין געקומען צו אייך מיטן דיפּלאָם פון אַ רעזשיסער — האָב איך מיט שטאָלץ זיך פאָרגעשטעלט.

— אַנאַסטאַסיאַ!

קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. ער האָט זיך שנעל אויפגעשטעלט, צוגע־גאַנגען צום קרעדענסל און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ האַלבן ליטער פּער־צאָווקע. שווייגנדיק האָט ער מיר אָנגעגאָסן אַ פול גלאָז בראָנפן.

— טרינק!
— עס איז אַביסל צו פיל.

— וואָס פאַראַ רעזשיסער ביסטו, אויב אַ גלאָז "פערצאָווקע" שרעקט דיך?
איך האָב מיט איין זופּ אויסגעטרונקען דעם בראָנפן. מיכאָעלס האָט זיך פאַרזיכטיק אַרומגעקוקט, צי קיינער פון די שטוביקע זעט אים ניט, און זיך אויך אָנגעגאָסן אַ האַלבע גלאָז. ער האָט מיך באַגריסט מיטן פאַרענדיקן די טעאַטער־אַקאַדעמיע און אויסגעטרונקען.

— וועלכע ספּעקטאַקלען האָסטו געזען פאַר דער לעצטער צייט?

— דריי שוועסטער אין "מכאט"... אַ הערלעכע פאַרשטעלונג, ממש אַ סימפאָניע פון די סובטעלסטע מענטשלעכע געפילן און איבערלעבונגען. שוין עטלעכע טעג ווי איך בין אונטער דעם איינדרוק פון דער פאַרשטעלונג.

ער האָט זיך פאַרטראַכט.
— און "טביה" געפעלט דיר ניט?

— "טביה" געפעלט מיר. אָבער עס פאַרמאָגט נישט דעם אַנסאַמבל־שפּיל, די זעלבע מאָס פון סצענישער קולטור ביי אַלע אָנטיילנעמער.

— סטאַניסלאַווסקי גייט פון דאַנען (ער האָט געוויזן אויפן האַרצן) און איך גיי פון דאַנען (ער האָט אָנגעוויזן מיטן פינגער זיין שטערן).

— אָבער אין "טביה" איז דאָס בעסטע ווען איר פאַרגעסט אין קאָנטראָל און לאָזט אייער העלד לעבן אַ פולבלוטיק עמאָציאָנעל לעבן אויף דער בינע.

— דאָס זענען נאָר איינצלנע מאָמענטן, וואָס רייסן זיך אַריין קעגן מיין ווילן, דאָס איבעריקע איז אַלץ באַרעכטיקט, יעדע באַוועגונג, יעדע אינטאָנאַציע.

— כ'האָב דאָס באַמערקט ווען איר שפּילט "קעניג ליר".

— איר פאַרשטייט נישט ריכטיק סטאַניסלאַווסקין. מען פאַרוואַנדלט אים אין אַ שטייגער־נאַטוראַליסט. סטאַניסלאַווסקיס רעאַליזם איז דערגאַנגען ביז סימ־

באַל, ביז דער העכסטער פּאַראַלגעמיינערונג. נעם זיינע באַשאַפענע געשטאַלטן, דאָקטאָר שטאָקמאַן, דעם אַלטן גענעראַל קרוטיצקי, סאַטין, אַסטראָוו, דאָס זענען געשטאַלטן־סימבאָלן און ניט נאָר "איך אין די געגעבענע באַדינגונגען". סטאַ־ניסלאַווסקי האָט תמיד געדענקט בילדעריש — האָט פאַרגעזעצט מיכאָעלס און ער האָט מיר איבערגעגעבן זיין שמועס מיט סטאַניסלאַווסקין אין יאָר 1937, ווען סטאַניסלאַווסקי, שוין אַ שווער קראַנקער, האָט אים אַ פרעג געטאָן: "ווי מיינט איר, פון וואָס הייבט זיך אָן דער פלי פון אַ פויגל"? — "צום פליען צע־שפּרייט דער פויגל פריער זיינע פליגל". — "בשום אופן ניט — האָט מיר דעמאָלט סטאַניסלאַווסקי געזאָגט — כדי צו פליען האָט דער פויגל פריער פון אַלץ נויטיק דאָס קענען אָטעמען פריי. דער פויגל נעמט אָן לופט אין ברוסט־קאַסטן, ווערט שטאָלץ און הייבט אָן צו פליען".

— דאָס איז סטאַניסלאַווסקי, אַפילו ביים פאָרמולירן אַ פיזיאָלאָגיש זעלבסט־געפיל האָט ער געטראַכט בילדעריש.

ער האָט געשעצט סטאַניסלאַווסקיס לערע, וואָס האָט געגעבן דער טעאַטער־קונסט פליגל פאַרן באַגייסטערטן פלי.

*****

14־טער יאַנואַר 1958.

מאָסקווע איז איינגעהילט אין נעפּל און שניי אַזוי ווי דעמאָלט, מיט צען יאָר צוריק. איך האָב דערזען פאַר זיך אַזוי בולט דאָס פּנים פון שלמה מיכאָעלס. דער מעטראָ האָט מיך געפירט צום טעאַטער־מוזיי אויפן נאָמען פון באַכרושין. איך בין אַריינגעקומען אין דעם שיינעם "אָסאָבניאַק", וואָס האָט אַמאָל געהערט צום גביר באַכרושין. דער רייכער באַכרושין האָט זיין הויז פאַרוואַנדלט אין אַ מוזיי. דער דאָזיקער מוזיי איז איבערגעגעבן געוואָרן דעם אַרכיוו פון שלמה מיכאָעלס.

— איך וויל זיך באַקענען מיט דעם מיכאָעלס־אַרכיוו.

דער מוזיי־אַנגעשטעלטער קוקט מיך אָן מיט פאַרדאַכט און גיט צו:

— איך באַדויער זייער, דאָס איז אוממעגלעך. דער אַרכיוו איז פאַרבערגנט

געוואָרן אין יאָר 1952. אין דער אָפּטיילונג, ווו עס האָבן זיך געפונען די רעזשי־עקזעמפּלאַרן, סטענאָגראַמעס, פאַרצייכנונגען און פאָטאָגראַפיעס, איז אויסגע־בראָכן אַ שריפה... דער גרעסטער טייל איז פאַרברענט געוואָרן און אַ טייל איז צעשטערט געוואָרן פון וואַסער. מיכאָעלסעס טאָכטער האָט צומאָרגנס נאָך דער שריפה צונויפגעקליבן דאָס איבערגעבליבענע.

איך האָב זיך געחידושט וואָס אין דער דאָזיקער "שריפה" איז פאַרברענט געוואָרן מיכאָעלסעס אַרכיוו און אויך דער אַרכיוו פון זיין לאַנגיאָריקן פריינד, אַלעקסאַנדער טאַיראָוו (אַ ייד, געוועזן קינסטלערישער לייטער פון דעם געשלאָ־סענעם קאַמער־טעאַטער). מער קיין שאָדן איז ניט געווען...

זעט אויס, אַז מיכאָעלס האָט באַאומרואיקט די סטאַלין־הערשער, אַפילו נאָכן טויט. אַזוי, אַז אַפילו אַלץ, וואָס האָט דערמאָנט זיין נאָמען, זיין געשטאַלט, האָט מען אויך דערמאָרדעט.

דער טראָלעבוס האָט מיך געבראַכט צום פּושקין־פּלאַץ. דער המון שפּאַנט איבער דער ברייטער גאָרקי־גאַס. ניט ווייט געפינט זיך דאָס אַקטיאָרן־הויז, ווו מיכאָעלס האָט אַזויפיל שעהן פאַרבראַכט. אויפן פערטן שטאָק, אין דער ברייטער ליכטיקער פאָיע, באַשיינט מיט בילדער פון די גרעסטע בינע־קינסט־לער, אינעם צושויער־זאַל, אויף זיין בינע, איז ער אָפּט אַרויסגעטראָטן.

יאָ, אָט הענגט זיין בילד.

מיין אַמאָליקע מיטאַרבעטערין דערציילט מיר מיט פריידן און שטאָלץ, אַז אין די שווערסטע צייטן פון אַרעסטן און פאַרשיקונג פון דער יידישער קולטור האָבן זיי אויסבאַהאַלטן ווערטפולע סטענאָגראַמעס פון מיכאָעלסעס אַרויסטרע־טונגען און אויך אַ מאַגנעט־לענטע, אויף וועלכער עס איז פאַרשריבן זיין אַרויס־טרעטונג אויפן צוזאַמענפאָר פון רעזשיסאָרן.

— אין גיכן גיבן מיר אַרויס אַ בוך וועגן זיין לעבן און שאַפן, עס אַרבעט איבער דעם דער קריטיקער רודניצקי — האָט זי צוגעגעבן.

אין דער צייט פון אונדזער שמועס איז צוגעקומען אַ סטודענט פון דער טעאַטער־אַקאַדעמיע, וואָס האָט געבעטן ביי מיין פריינדין, אים צוקלייבן מאַ־טעריאַל וועגן מיכאָעלסעס געשטאַלט פון קעניג ליר.

— איך וועל אייך געבן אַ זייער אינטערעסאַנטע סטענאָגראַמע פון סאָלאָמאָן מיכאַילאָוויטש, אין וועלכער ער דערציילט ווי ער האָט געאַרבעט איבער דער שעקספּיר־געשטאַלט.

אַ מינוט שפּעטער איז שוין געזעסן דער סטודענט און מיט גרויס נייגער געלייענט די סטענאָגראַמע. פון צייט צו צייט האָט ער אַרויסגעשריבן גאַנצע ציטאַטן, וויכטיקע געדאַנקען, וועלכע האָבן פאַר אים אַנטפּלעקט די קאָמפּלי־צירטע געשטאַלט פון קעניג ליר.

איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין באַקאַנטע. פאַרבייגייענדיק דעם פּושקין־דענקמאָל, בין איך אַראָפּ צו דער ניקיטסקאַיאַ דורך דעם טווערסקאָי־בול־וואַר. דאָ פלעגט טאָג־טעגלעך שפּאַצירן מיכאָעלס. דאָ אונטער דעם בוים פלעגט ער זיצן אין פרילינגס־אָוונטן, פאַרהאַלטנדיק זיין בליק אויף דעם געניאַלן רוסישן פּאָעט. אפשר האָט ער דאָ געשריבן זיינע לידער, וועלכע ער האָט קיינעם ניט געוויזן, און אפשר האָט ער דאָ אויסגעפורעמט זיינע בינע־געשטאַלטן?

איך זע ווי אַ פרוי דערנענטערט זיך צום פּושקין־דענקמאָל און לייגט אויפן ווייסן שניי אַ בינטל בלומען.

ווען מען מיכאָעלסן שטעלן אַ דענקמאָל? דער דענקמאָל, וואָס ער האָט באַשאַפן און אַזוי ווירדיק דערהויבן, עקזיסטירט ניט מער. אין דער געבײדע פון יידישן טעאַטער שפּילט איצט דער רוסישער טעאַטער פאַר... סאַטירע.

מינסק, די נאַכט פון 12־טן אויפן 13־טן יאַנואַר 1948.

עס האָט קוים געבלאָט אויף טאָג, ווען שווערע אַרבעטער־שטיוול האָבן דורכגעשניטן אַ וועג, פּרעסנדיק מיטן גומי־לעדער דעם פּאַרטאָגיקן שניי. פּלוצים זענען די שטיוול, אין ציטער, געבליבן שטיין.

טונקל־רויטער פלעק אויפן שניי. פאַרביילטע פּויסטן, פאַרקראַמפּט אין געראַנגל, הויבן זיך אין אַ קללה. עס וויינט פון טויטנס געזיכט מיט טראָפּנס צעוואַרעמטן שניי.

אַ מאָרד, אָקאָרשט נישט לאַנג, ווען די נאַכט האָט געפּראַסטיקט און גע־שראָקן. צוויי אויפן שניי. צוויי פריינט האָבן געטיילט איין גורל.

אַרום, פּחדנותדיק שטיל. דער מערדער קוקט אַרויס דורך אַ פאַרלאָשן פענצטער. ער וואַשט דאָס בלוט פון זיינע הענט. עס איז געווען אַ שווערע אַרבעט. בײדע האָבן געשטעלט אַ האַרטנעקיקן ווידערשטאַנד. דעם אַקטיאָר האָט מען געמוזט אָנגרייפן פון דער זייט. זיינע אויגן האָבן געמאַכט ציטערן די האַנט. דער צווייטער, דער קונסט־קריטיקער, האָט פאַרטיידיקט דעם שוישפּילער און אים האָט מען "געלייגט" אויף קאַלט. דער שווערער קאַמיאָן איז געשטאַנען גרייט איבערצופאָרן די צוויי דערהרגעטע. איבערפאָרן און אינסצעניזירן אַן אויטאָמאָביל־קאַטאַסטראָפע. אַזוי איז געווען פאָרויסגעזען. אַלץ האָט באַדאַרפט דערלײדיקט ווערן אין געציילטע מינוטן.

דער שניי שיט און שיט, ווי וועלנדיק פאַרדעקן די שרייענדיקע, בלוטיקע שאַנדע פון מענטשן־מאָרד.

בראַטסי ! ברידער ! האָט אָפּגעהילכט אין דער בלאָ און זיך צעטראָגן אין אַן עכאָ איבער שדים־חורבות. ברידערלעך, פאַר וועלכע זינד ? פאַרוואָס ?

די ליפּן פון אַרבעטער ציטערן ווי אין אַ תּפילה. די פּיס פּאָלגן נישט. וווהין לויפן? וועמען רופן? אַליין, איין אַליין אין בלאָען טאָג מיט צוויי מתים.

אַ טונקל־עלעקטרישער שיין ווינקט פון דערבייאיקן האָטעל. אַהין וועט ער לויפן, רופן מענטשן און אפשר קאָן מען נאָך ראַטעווען. דאַכט זיך, דער מיטן קלאָר־ווייסן שטערן, פון וועמענס געזיכט עס טרערט דער שניי, דער לעבט נאָך.

דער אָנגעטראָגענער שניי פּענטעט די טריט, אָבער די פּיס שניידן אים, רייסן זיך פאָרויס. אָט איז שוין דער האָטעל.

עפּנט! וואַכט אויף! היי, איר דאָרט, עפּנט! אַ מענטשן דערהרגעט! אַ מענטשן, דאָ נישט ווייט!

עס סקריפּעט די געפרוירענע טיר. די איבערגעשראָקענע װעכטערין טרעט אָפּ צוריק.

— גאָט באַרעמהאַרציקער, וואָס זאָגסטו, זון מיינער. — זי קלינגט אין טעלעפאָן. דער ערשטער רוף צום דאָקטער, צו דער גיכער הילף.

עמעצער העלפט אַריינברענגען די הרוגים.

די אַלטיטשקע בעלאָרוסקע צלמט זיך.

— גאָט מיינער, דאָס איז דאָך אונדזער גאַסט פון צימער 23. דאָס איז דאָך דער יידישער פאָלקס־אַרטיסט. האָט נעכטן צוגעזאָגט, אַז ער קומט נישט שפּעט צוריק. דער צווייטער, זיין פריינט, פון דערבייאיקן צימער. דער אָרעמער, ווי מען האָט אים...

די אַלטע דעקט צו איר געזיכט.

עמעצער איילט פון די טרעפּ. זיינע האָר זענען נישט פאַרקעמט, די בגדים צעקנייטשט. ער דערמאָנט אַ מענטשן, וואָס האָט פאַרשלאָפן דעם צוג, פאַרשפּע־טיקט. דערהערנדיק אויפן וועג דאָס וואָרט דאָקטער ווערט זיין פּנים רויט פון כּעס.

— ווער האָט געהייסן רופן דעם דאָקטער!?

די אַלטיטשקע פּרוווט עפּעס זאָגן, נאָר ווערט באַלד אָפּגעשטויסן אָן אַ זייט.

דער אַראָפּגעקומענער טעלעפּאַנירט. זיין שטים איז איצט איינגעהאַלטן־שטרענג, יעדעס וואָרט ברענגט ער ער אַרויס געמאָסטן, באַטראַכט, באַגלייט מיט א מיליטערישן "יאָ, אַזוי, נישט באַוויזן חבר. מיין שולד... כ'פאַרשטיי... כ'הער".

דער שמועס איז פאַרענדיקט. איצט באַטראַכט ער די מתים. זיין בליק גייט איבער צום אַרבעטער און צו דער אַלטער, ער קוקט שאַרף אין זיי אַריין, ווי וועלנדיק גוט פאַרגעדענקען זייערע פּנימער.

— פאַרוואָס נישט באַדאַרפט קלינגען? — פּרוווט נאָך אַלץ זיך פאַרענט־פערן די אַלטיטשקע, שפּירנדיק, אַז זי איז באַגאַנגען אַ מוראדיקן פעלער.

— פאַרוואָס, פאַרוואָס — ברומט דער אַראָפּגעקומענער — אַן אַלטע און אַזוי נאַריש.

ער איז בייז.

דער אַרבעטער פּרעסט מיט פראָסט־פאַרגאַנגענע פינגער זיין היטל.

עס קלינגט די אַריינגאַנגס־טיר. דער האַלב־פאַרשלאָפענער דאָקטער וואַרפט פון זיך אַראָפּ זיין פעלץ.

ער בויגט זיך איבערן מת. אונטער דעם ווייסן העמד פילט ער דאָס לעצטע ביסל וואַרעמקייט פון לייב.

— דאָס איז געשען מיט אַ צוויי שעה צוריק. מיט צוויי שעה צוריק, חזרט ער איבער, האָט ער נאָך געלעבט.

דער זייגער אויפן האַנט פון טויטן ווייזט האַלב זעקס.

— מאָדנע. אַ מאָרד און אַלץ אויף אַן אָרט: דער זייגער, דאָקומענטן, געלט. איצט איז די ריי צו באַטראַכטן דעם צווייטן. דעם דאָקטערס ליפּן טרייסלען זיך פון אויפרעגונג, זיינע ברילן ווערן באַדעקט מיט טוי. ער ווישט זיי מיט

נערוועז־ציטערנדיקע פינגער, מורמלענדיק, פאַר זיך, ווי מורא האָבנדיק אַרויס־צוברענגען הויך זיין געדאַנק.

— שרעקלעך, שרעקלעך, וואָס פאַראַ נידערטרעכטיקייט.

ער זוכט מיט די אויגן צו וועמען זיך צו ווענדן. באַמערקנדיק די אַלטיטשקע הייבט ער זיך אויף, גייט צו נאָענט און גיט אויף שנעל אַ וואָרף:

— מוטערל, דעק צו זיין געזיכט.

דער אַראָפּגעקומענער שטייט אין אַ זייט.

דער אַרבעטער לאָזט זיך צו דער טיר. ער מוז צו דער אַרבעט. אין גאַס איז שוין גרויער טאָג.

— איר קאָנט גיין רואיק — רופט צום אַרבעטער דער פרעמדער — מען וועט אייך געפינען. ווי זאָגט איר, וועלכע פאַבריק?

ער באַגלייט דעם אַרבעטער ביז צום אַרויסגאַנגס־טיר.

דער דאָקטער געזעגנט זיך און פאַרשווינדט מיט זיין קליין רענצל.

דער פרעמדער גייט ווידער צום טעלעפאָן.

שנעל האָט זיך צעטראָגן די ידיעה וועגן מאָרד.

מינסקער יידישע אַקטיאָרן, אויפגעוועקטע אין פרימאָרגן־שעהן, איילן מיט שרעק און וויי צום האָטעל.

ניין, עס איז אוממעגלעך. מיר זענען דאָך געווען מיט אים. די גאַנצע צייט צוזאַמען, נישט אָפּגעלאָזט, זיך מיט אים געפרייט. נעכטן ביינאַכט, ניין אַזייגער, פאַר זיין אַוועקגיין אויף אַ טרעפונג, נאָך אַ טעלעפאָן־געשפרעך, האָט מען אָפּ־גערעדט, אַז מיט אַ שעה שפּעטער טרעפט מען זיך ווידער.

די יידישע אַקטריסע אַראָנטשיק דערציילט דורך טרערן:

— נעכטן אין אָוונט זענען מיר געזעסן אין זיין האָטעל־צימער. אויך מאָין איז געווען. אַרום זיבן האָט עמעצער צו אים געקלונגען, איינגעלאַדן צו זיך. יאָ, כ׳געדענק, מיכאָעלס האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל. זיין געזיכט איז געווען אָנגעשטרענגט. ער האָט געשפּאַנט איבערן צימער און אַלץ איבערגעחזרט אַ נאָמען, וואָס ער האָט געזוכט אין זיינע דערינערונגען. ער האָט אונדז דערציילט, אַז ער קאָן בשום אופן נישט דערמאָנען זיך דעם אומבאַקאַנטן, וואָס שטעלט זיך פאָר, דורכן טעלעפאָן, פאַר זיינס אַ פריינט.

— שוין דאָס דריטע מאָל ווי ער קלינגט — האָט אונדז דערציילט מיכאָעלס. ער פּרוווט מיך איבערצייגן, אַז אין 1931 האָט מען זיך באַגעגנט אין מאָסקווע און צוזאַמען פאַרבראַכט אַן אָוונט. ער לאַדט איצט צו זיך אויף אַ גלעזל משקה, כדי אָפּצומערקן פאַרגאַנגענע טעג אין אַ פריינטלעכער אַטמאָספער. מיכאָעלס איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אַרויסגעקוקט אין דער נאַכט־פינצטערניש.

— מיר האָבן געוואָלט אים מיטנעמען מיט זיך אויף אַ פּראָבע אין טעאַטער, אָבער ער האָט באַשלאָסן, אַז ער מוז זיך איבערצייגן ווער איז זיין טעלעפאָן־פריינט.

— פאַר זיין אַוועקגיין איז ער אַריין צו גאָלעבעוו־פּאָטאַפּאָוו, מיט וועמען ער איז געקומען צוזאַמען פון מאָסקווע, און אויך אים געלאַדן מיטצוגיין.

— ער האָט אונדז צוגעזאָגט, דערציילט ווייטער אַראָנטשיק, אַז ער וועט זיך לאַנג דאָרט נישט פאַרהאַלטן. פּשוט, ער איז פאַראינטריגירט צו זען דעם מענטשן, וועמען ער האָט פאַרגעסן, און וועלכער גיט זיך אָן פאַר אַזאַ גוטן פריינט.

די שעה איז פאַרביי און ער איז נישט געקומען. מיר האָבן געטראַכט, זיך פאַרהאַלטן מיט חברים, מיט גוטע פריינט. איז ער דאָך נישט געווען אַליין, מיט אים איז מיטגעגאַנגען דער יידישער קריטיקער גאָלעבעוו־פּאָטאַפּאָוו.

— מיר זענען שולדיק. מיר האָבן אים נישט פאַרהיט.

יידישע שוישפּילער וויינען. די ערשטע טרערן, שוישפּילער־טרערן. ביים האָטעל — מיליציאַנטן. עס איז פאַרבאָטן דער אַריינגאַנג.

באַלד באַדאַרף אָנקומען דער שפּיטאָל־אויטאָ און וועט זיי נעמען אַהין.
שטייען אין דרויסן פאַריתומטע יידישע אַקטיאָרן, סאָקאָל און אַראָנטשיק, מאָין און טרעפּעל, גאַלאָוטשינער און הערצבערג, שטייען און וואַרטן, וווהין גיין? פון וועמען מאָנען? צו וועמען שרייען?

מיט רויש און רויך שטעלט זיך אָפּ דער שוואַרצער פאַרמאַכטער לאַסט־אויטאָ.
איצט איז אַלץ אָרגאַניזירט. נישטאָ קיין צופאַלן. אַלץ איז פאָרויסגעזען, פּלאַנירט און באַשטימט.

צוויי טראָג־ברעטלעך, געדעקט מיט טונקל־גרינעם ברעזענט, דערמאָנען אָן פּראָנט, אָן געפאַלענע אין שלאַכט. זיי ווערן אַרויסגעטראָגן פון האָטעל און אַריינגעשטעלט אין פינצטערניש פון לאַסט־אויטאָ. דער מיליטער־סאַניטאַר פאַר־מאַכט די אויטאָ־טירן. די אַקטיאָרן שטייען גרייט נאָכצופאָלגן די לוויה. די מאַשין גיט זיך אַ ריס פון אָרט, פאַרטויבנדיק מיטן מאָטאָר־געשריי דעם אַרום. ווידער שניידט דער לאַסט־אויטאָ דעם שניי, פירנדיק צוויי מתים.

בלייבט בים האָטעל דער מנין יידישע אַקטיאָרן, זיי פאָלגן נאָך די שוואַרצע מאַשין, וואָס פאַרשווינדט הינטער די חורבות.

די בילדער־אויסשטעלונג אין מאָסקווע, וועלכע נעמט אַרום איבער צוויי טויזנט שאַפונגען פון פאַרשידענע מאָלער און סקולפּטאָרן אין פאַרשיידענע צייטן אין משך פון דרייסיק יאָר עקזיסטענץ פון דעם קינסטלער־פאַראיין, האָט אַרויסגערופן אַ גרויסן אינטערעס נישט נאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך אין אויסלאַנד.

אין איינע פון די גרויסע, ליכטיקע זאַלן, צווישן די אָן שולד און אָן רעכט, פאַרגעסענע און פאַרפאָלגטע אין סטאַלינס צייטן, קינסטלער, זענען אַרויסגעשטעלט די בילדער פון יידישן מאָלער ראָבערט פאַלק.

די קונסט פון פאַלק האָט אַרויסגערופן אַ באַזונדערן אינטערעס ביי טויזנטער באַזוכער און דינען, צוזאַמען מיט דער מאָלעריי פון די יונגע, ווי די סקולפּטורן פון באַגאַבטן נעאיזוועסטני, פאַר אַ באַזע פון שטרייטן און דיסקוסיעס.

דער דאָזיקער שטרייט שטייגט אַריבער די גרענעץ פון שעפערישע פּראָבלעמען, און נעמט־אָן אַן אידעאָלאָגיש־פּאָליטישן כאַראַקטער, אָפּשפּיגלענדיק די שטימונגען, ווונטשן און ברויזן, מיט וועלכע עס לעבן מענטשן אין ראַטנפאַרבאַנד און איבערהויפּט, איר יוגנט.

***

ראָבערט פאַלק.

פאַר מיינע אויגן שטייט דער הויכער, ברייטער, עטוואָס געבויגענער קערפּער פון מאָלער, ווען די יידישע וועלט האָט געקענט ווי דעם שעפער פון די דעקאָראַציעס צו גראַנאָווסקיס פאָרשטעלונגען און איבערהויפּט צו "מסעות בנימין השלישי" און "ביינאַכט אויפן אַלטן מאַרק".

נאָך די גאַסטראָלן פון מאָסקווער יידישן טעאַטער אין אויסלאַנד, פאַר־בלייבט פאַלק אין פּאַריז און ווי פיל מאָלער, ווערט ער באַווירקט פון דער פראַנצויזישער מאָלעריי, איבערהויפּט פון סעזאַן. פאַלקן ווערן נאָענט די פּאַ־ריזער גאַסן, סקווערן און בולוואַרן, זיינע מוזעאומס און אויסשטעלונגען. שפּע־טער שטעלט ער אַליין אויס זיינע בילדער, צוזאַמען מיט, היינט גוט־באַקאַנטע אין פּאַריז, יידישע מאָלער.

אָבער פאַלקן ציט צוריק קיין רוסלאַנד, צו די רוסישע פעלדער און שטעט, צו זיינע פריינט, צו זיין טעאַטער. ער קומט קיין מאָסקווע און האָט חתונה פאַר דער טאָכטער פון דעם באַרימטן רוסישן רעזשיסער און טעאָרעטיקער, וועלכער איז באַקאַנט אין דער גאַרער טעאַטער־וועלט — קאָנסטאַנטין סטאַ־ניסלאַווסקי.

נאָך אַ געוויסער צייט פון צוזאַמענלעבן מיט זיין פרוי, מיט וועלכער ער האָט צוויי טעכטער, צעגייט זיך דאָס פּאָר. ווידער איז ער אַליין מיט זיך, מיט זיין קונסט. וואָס ווייטער, אַלץ שטאַרקער, הייבט אָן פאַלק צו פילן, אַז מען טרויט אים נישט, אַז מען קוקט אויף אים און זיין קונסט מיט חשד. דאָס, אויף וואָס ער האָט געהאָפט און געוואַרט, נאָך זייענדיק אין אויסלאַנד, האָט אים איצט ביטער אַנטוישט.

אין מיטן פון די דרייסיקער יאָרן ווערט מיט אַ קאַלטער, ברוטאַלער האַנט דורכגעפירט דער ענדגילטיקער אָפיציעלער סטיל פון סאָציאַליסטישן רעאַליזם.

אַלע נישט־געהאָרכזאַמע, וועלכע ווילן און קענען זיך נישט אַריינפּאַסן אין די נייע באַשטימטע ראַמען, ווערן דערקלערט פאַר פאָרמאַליסטן און זייער קונסט פאַר קליינבירגלעך־בורזשואַזע. אָפט איז די דאָזיקע באַשולדיקונג געווען גענוג, כדי פון אַ פאָרמאַליסט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ פיינט פון פאָלק, מיט אַלע פאָלגן פון: תפיסה, פאַרשיקונג, לאַגער, טויט.

עס הויבן זיך אָן ביטערע, שווערע יאָרן פאַרן קינסטלער. ער ווערט באַשול־דיקט אין דעם, אַז זיין קונסט טראָגט אויף זיך די שפּורן פון "צעפוילטן" מערב. זיינע בילדער ווערן אין ערגעץ נישט אויסגעשטעלט, און פאַרשווינדן הינטער פאַרמאַכטע צימערן פון זיינע נאָענטע פריינט, וועלכע נעמען אויף זיך דעם ריסק פון פאַרהיטן זיי אין פאַל פון זיין אַרעסט.

נאָר אַ גליקלעכע צופעליקייט ראַטעוועט דעם מאָלער. אין דער שווערער צייט קומט צו אים אַלס שילער דער באַרימטער פליער, דער, וועלכער איז אָן אָפּשטעל, איבערגעפליגן פון רוסלאַנד קיין אַמעריקע דורכן צפון־פּאָל, דער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, יומאַשעוו. דער רוסישער פליער, מיט ליבע פאַר מאָ־לעריי, ווערט אַ גרויסער חסיד און באַשיצער פון זיין לערער און מייסטער. יומאַשעוו העלפט אים אויך צו פאַרקויפן אייניקע בילדער, צווישן באַקאַנטע גע־לערנטע און שרייבער.

אין צייט פון קריג לעבט פאַלק אין סאַמאַרקאַנד (אוזבעקיסטאַן). אין דער דאָזיקער אַלטער, אָריענטאַלישער שטאָט אַנטפּלעקט זיך פאַר אים אַ נייע וועלט, אַ ביז איצט אומבאַקאַנטע און מיט עפּעס זייער נאָענטע. די היציקע טעג מיט דער ברענענדער זון אויף אַלטע טויזנט־יעריקע מויער־ווענט פון מע־טשעטן און האַרעמס. די אַראַבישע קליידונג פון די אוזבעקן, די פלאַנצן,ביימער, פרוכטן, די שנעלע איבערגאַנגען פון טאָג צו נאַכט, די טרויעריקע און געהיימניספולע שמאָלע גאַסן און געסלעך, אָנגעפילטע מיט לעגענדעס און אָריענטאַלישע געשיכטעס, — דאָס אַלץ האָט דערמאָנט פאַלקן אָן לאַנד פון די אבות. עס רעגט אים די עקזאָטיק פון דעם לאַנד, די מענטשן און ער מאָלט מיט אינטערעס און שעפערישן ברען.

די דאָזיקע בילדער זענען אָנגעפילט מיט אַ בענקשאַפט. זיי זענען ווי אומהיימלעך־ווייטיקדיקע פאַרנאַכטן פון אַן איינזאַמען, וועלכער איז אַרומגע־נומען  פון אַן אומרואיקן פאָרגעפיל פאַר זיין צוקונפט.

עס ענדיקט זיך דער קריג און פאַלק איז ווידער פאַרגעסן. זיינע בילדער ווערן נישט פאַרקויפט און נישט אויסגעשטעלט. איך טרעף ווידער דעם אַזוי שנעל פאַרעלטערטן מאָלער אינעם זעלבן הויז, ווו איך האָב אים צום ערשטן מאָל באַקענט. איך העלף אַרויסציען זיינע גואַשן פון הינטערן שראַנק. דאָ שטייען זיי נאָך פון די דרייסיקער יאָרן, ווען די געפאַר פאַרן קינסטלער איז געווען אַ טאָג־טעגלעכע. מיר באַפרייען זיי פון שטויב און שטעלן לענגאויס די ווענט. אין צימער זענען נאָר אייגענע, די צייט ווידער אַן אומרואיקע פאַר איטלעכן פון אונדז. עס העלן אַראָפּ פון די בילדער פאַריזער בולוואַרן; מיר ווערן מיטגעריסן פון אַ הערלעכער וועלט פון מוזיק, פּאָעזיע און מאָלעריי. נאַקעטע ביימער אין טוי און רעגן, אינעם גראָ פון פאַריזער האַרבסט. די הייזער, ווי די מענטשן, טוליען זיך איינס צום אַנדערן, ווי זוכנדיק אַ שוץ,

אינעם אומרו פאַר דער קעלט פון ווינטער. דער מאָלער צייכנט די זעלבע ביי־מער אין ווינטער: די דינע צווייגן קוים געדעקט פון אַ לייכטן שניי, צעגייט אונטער די ערשטע זון־שטראַלן. אין די ווייטערע בילדער זינגען און פרייען זיך דיביימער מיט זייער ערשטן פרילינגס־שפּראָץ און די לופט איז אָנגע־פילט מיט גלוסט פאַר לעבן און שאַפן. דאָס איז אַ סימפאָניע פון אַ פאַרליבטן אין פאַריז מאָלער, וועלכער האָט זיין ליבע אויסגעדריקט אין צאַרטע, גראָ־העלמאַטע פאַרבן, מיט אַ קוים באַמערקבאַרן צוגאָב פון גרין, רויט און שוואַרץ. אַ טייל פון די בילדער זענען שפּעטער געווען אויסגעשטעלט אויף דער אויס־שטעלונג אין מאָסקווער מאַניעזש.

***

און וויער זענען דורך צען יאָר, פון יענעם אָוונט, יאָרן, אין וועלכע פאַלק האָט פאַרלוירן פיל פון זיינע נאָענטע פריינט צווישן יידישע אַקטיאָרן און שרייבער.

אין פרילינג 1957 גיט מען איבער פון אויער צו אויער, אַז אין צוויי קליינע צימערן, אויפן פינפטן שטאָק אין הויז פון קינסטלער־פאַרבאַנד, זענען אויסגעשטעלט די בילדער פון ראָבערט פאַלק. דאָס האָבן זיינע פאַרערער, ריזיקירנדיק פאַר זיך, קוים געפועלט, מיט דער אויסשטעלונג, אָפּמערקן דעם זיבעציק־יעריקן געבוירן־טאָג פון קינסטלער. קיין שום אָפיציעלע מעלדונגען אין די צייטונגען, קיין שום אַפישן, אָבער פון מויל צו מויל איז אַרומגעגאַנגען איבער מאָסקווע די נייעס פון פאַלקס אויסשטעלונג.

שמאָלע, געדרייטע טרעפּ פירן צום פינפטן שטאָק. עס איז שווער צו געפינען די צוויי צימערן אין דעם לאַבירינט פון צענדליקער פאַרשיידענע אָנ־שטאַלטן און ביוראָס. אויף אייער פראַגע ביי די דורכגייער, ענטפערט מען אייך מיט אַ פינגער אויף אַרויף, אויף רעכטס און ווידער רעכטס. און אָט זענען מיר שוין אָנגעקומען.

דער זוניקער טאָג פרווט זיך דורכרייסן דורך די קליינע פאַרהאָנגענע פענצטער. די לובעס נידעריק און פרעסן נאָך מער אין דאָס ביסל ליכט. מען מוז שטיין אַ פינף, צען מינוט, ביז מען געוווינט זיך צו צום טונקל, נאָך דער זון פון דרויסן. און דאָ באַמערק איך, ווי פאַרפולט עס זענען די צימערן.

אַלטע באַוואַקסענע זקנים מיט ווייס־גראָע קעפּ: געלערנטע, קינסטלער, שרייבער. יוגנט, מיט ברייט־צעעפנטע אויגן מיט אַן אָנגערעגטקייט, אין וועלכער עס זאָגט זיך אַרויס זייער צושטימונג צו דער קונסט פון פאַלק און פאַר דאָס נייע און אויפריכטיקע, וואָס זיי האָבן אין איר דערזען.

פאַלק איז נישט געווען בכוח בייצווזיין אויף דער אויסשטעלונג. אַ שווער־קראַנקער שיקט ער זיינע גרוסן צו די איניציאַטאָרן פון דער אויסשטעלונג.

איך באַטראַכט די בילדער, וועלכע זענען, אין זייער מערהייט, געצייכנט אין דערמאָנטן סאַמאַרקאַנד, און שפּעטער, אין מאָסקווע. נייע טענער, נייע פאַרבן, נייע שטימונגען. ווי ווייט זיי זענען פון יענע פאַריזער צייכענונגען. איצט איז אַלץ פאַרטיפט, פאַרהוילט מיט דער עלעגיע פון אָפּנייגנדיקן טאָג. אַלץ איז אָנגעפילט מיטן לירישן טרויער פאַרן אַרום, פאַר די מענטשן און נאַטור. אויך די שטיל־לעבנס זענען אָנגעזאַפּט מיט דעם זעלבן, פרעסנדן געפיל. קינדער זענען פאַרטראַכט און קוקן אַרויס פון זיינע בילדער מיט טרויער פון דערוואַקסענע.

אין מיטן פון צימער ביי אַ קליין טישל זיצט אַ יוגנטלעכער און שרייבט אַריין זיינע איינדרוקן אין "בוך פאַר אָפּרופן". איך נעם שפּעטער דעם אויסגעשריבענעם העפט און ווער דערשטוינט פאַר דער דרייסטקייט פון דעם אויסגעשריי און פּראָטעסט, מיט וועלכן עס זענען אָנגעפילט די קורצע פראַזן. רוסישע מענטשן פּראָטעסטירן קעגן פינצטער, קעגן דער האַלב־לעגאַלער און פאַרשוויגענער אויסשטעלונג, וועלכע איז איינגעפּרעסט אין צוויי קליינע צימערלעך.

"אַ בזיון און פאַרדרוס נעמט אַרום איטלעכן אָרנטלעכן מענטשן. פאַלק איז היינט דער בעסטער מאָלער און דער שטאָלץ פון מאָסקווע, פאַרוואָס איז ער אַזוי באַליידיקט".

"עס וועט קומען אַ צייט און פאַלק וועט אויסגעשטעלט ווערן אין ליכטיקע זאַלן, ווי זיין מאָלעריי האָט עס פאַרדינט".

מענטשן שרייבן זיך אונטער מיט זייערע נעמען. בלויז עטלעכע לאָזן זייערע אַרויסזאָגונגען אָן אונטערשריפט צוליבן פחד פאַר דער אָפּרעכענונג.

דאָס האָט אַרויסגערעדט דער נישט־אומגעבראַכטער שטאָלץ און גייסט פון רוסישן מענטשן. די ווערטער זענען אפשר געווען דער טרייסט פאַרן קראַנקן מאָלער, וועלכער איז מיט אַ יאָר שפּעטער געשטאָרבן.

*****

אין 1962־1963, זענען פאַלקס בילדער געקומען אין די ליכטיקע זאַלן פון דער מאָסקווער אויסשטעלונג, פון הייזער פון רוסישער אינטעליגענץ, וואָס האָט אין די אַלע יאָרן נישט פאַרלוירן דעם געשמאַק און טראַדיציע פאַר עכטער קונסט. און דאָס איז די גאַראַנטיע, אַז פאַלק ווי אַנדערע גרויסע מאָלער, אָפּשטאַמיקע און פאַרבונדענע אין זייערע שאַפונגען מיט רוסלאַנד, וועלן פאַרנעמען דעם בכבודיקן אָרט, וועלכע זייער קונסט האָט פאַרדינט.

דאָס איז געווען אין טאָג פון זיבעטן נאָוועמבער 1927 אין מאָסקווע.

אין די פאַבריקן, זאַוואָדן, זענען פאַרגעקומען מיטינגען, געווידמעט דעם צענטן יאָרטאָג פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. די אָפיציעלע פּרעסע אין צענדליקער שפּראַכן האָט געשריבן וועגן דער נייער ערע פאַר דער מענטש־הייט, וועגן אָנהויב פון מענטשן־באַפרייאונג איבער דער גאַרער וועלט, וועגן הומאַניזם און פעלקער־פריינטשאַפט, איטלעכער אַנשטאַלט האָט געזען מיט נייע דערגרייכונגען אָפּצומערקן אָט די וויכטיקע דאַטע.

מאָלער, שרייבער, אַרטיסטן האָבן אין יענע טעג פאַרעפנטלעכט נייע ווערק, געשפּילט נייע פּיעסן, געוויזן נייע פילמען. אין דעם טאָג אין אַ קליין צימערל, אויף דער מאָסקווער פילם־סטודיע, איז אָנגעגאַנגען אַן אָנגעשטרענג־טע אַרבעט. דער שוין וועלט־באַרימטער רעזשיסער און שעפער פונעם פילם: ״פּאַנצער־שיף פּאָטיאָמקין״, סערגיי אייזנשטיין, האָט צוזאַמען מיט זיין געהילף אַלעקסאַנדראָוו, געענדיקט מאָנטירן דעם כראָניקאַלן פילם ״אָקטאָבער״ (״צען טעג, וועלכע האָבן אויפגעטרייסלט די וועלט״).

עטלעכע וואָכן, ווי זיי האָבן פאַרגעסן אין דער אויסערלעכער וועלט, אין אַלץ געטאָן, אַז דער פילם זאָל געוויזן ווערן דעם זיבעטן נאָוועמבער אויף דער פייערלעכער זיצונג אין טעאַטער ״באָלשאָי״.

אין דעם טאָג, נאָך מיטאָג האָט זיך פּלוצים געעפנט די טיר. אין דעם מאָנטאַזש־צימער איז אָנגעקומען סטאַלין, דעמאָלט שוין פּאַקטישער דיקטאָ־טאָר, מיט עטלעכע פּערזאָן. סטאַלין האָט זיך געהייסן גלייך ווייזן דעם פילם. די דערשטוינונג פון אייזנשטיינען צוליב דעם אומדערוואַרטן וויזיט איז גע־

ווען אויפן קליינעם עקראַן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע בילדער, האָט סטאַלין איבערגעריסן און געהייסן אויסשניידן די עפּיזאָדן, ווו עס ווערט גע־

וויזן לענין. ער האָט באַפוילן אויסשניידן דעם גאַנצן פינאַל פונעם פילם, וווּ עס איז געוויזן געוואָרן לענינס אַרויסטרעטונג אויפן צווייטן ראַטן־צוזאַמענפאָר.

דער גרויסער קינסטלער אייזנשטיין איז געשטאַנען צוגעפּרעסט צו דער וואַנט אַ פאַרלאָרענער און אומגליקלעכער. אויף דער פראַגע, פאַרוואָס דאָס ווערט געטאָן עטלעכע שעה פאַר דער פייערלעכער זיצונג, פאַרוואָס ווערט צעשטערט אַלץ, וואָס איז מיט אַזויפיל שוועריקייטן באַשאַפן געוואָרן, פאַרוואָס פאַרניכטן קאַדרען, וועלכע באַדאַרפן פאַרבלייבן פאַר דער געשיכטע, ווי איינמאַליקע און נישט־איבערחזרנדע, אויף דעם האָט סטאַלין געענטפערט מיט שווייגן.

— דער פינאַל איז דאָך אַזוי צוגעפּאַסט, האָט אייזנשטיין פּרובירט איבערצייגן סטאַלינען.

סטאַלין האָט בייז אַ ברום געטאָן:

— איר ווייסט נישט, וואָס עס קומט פאָר. לענינס ליבעראַליזם איז איצט נישט צו דער צייט.

איבער ניין הונדערט מעטער קינאָ־לענטע איז אויסגעשניטן געוואָרן פונעם פילם. די דאָזיקע עפּיזאָדן מיט לענינען האָט סטאַלין מיטגענומען מיט זיך און שפּעטער פאַרניכטעט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן שוין מיט פינף און דרייסיק יאָר צוריק דער פּאָגראָם איבער קונסט־ווערק, ביכער. אַ פּאָגראָם און מאָרד, וועלכער האָט אָוועקגערויבט און פאַרניכטעט טויזנטער פון שעפער און שאַפונגען. פון דעמאָלט האָט זיך אָנגעהויבן דער בלוטיקער חשבון פון סטאַלינען מיטן פילם־זשעני, סערגיי אייזנשטיין.

סערגיי אייזנשטיין איז נישט צופעליק אַדורך די אַלע יאָרן בשלום. סטאַלין האָט אָפּגעשאַצט דעם גרויסן טאַלאַנט זיינעם, האָפנדיק, אַז ער וועט אים אויסנוצן און דינען אויף פילמען, וועלכע וועלן, אַזוי צי אַנדערש, באַרעכטיקן זיינע טאַטן און וועלן אַרויסהייבן זיין פּערזאָן, ווי איינע פון די גרעסטע אין

דער געשיכטע פון רוסלאַנד. אַרויסשטעלנדיק אין די דרייסיקער יאָרן פאַר־שיידענע רוסישן צאַרן און קריגער ווי רוסישע פּאַטריאָטן, האָט סטאַלין גע־האַט דעם מיין צו דערפירן צו דעם, אַז די קומענדיקע פילמען זאָלן באַזינגען זיין גרויסקייט און איבערמענטשלעכקייט. אַזוי איז דערגאַנגען ביז צו דעם פילם "דאָס פאַלן פון בערלין", ווו ער ווערט ממש באַוויזן ווי אַ נייער גאָט, וועלכער לאָזט זיך אַראָפּ פון אויבן פון די הימלען (אמת מיט אַ מאָדערנעם אַוויאָן) צום פאָלק.

נאָך דעם ווי עטלעכע פילמען זיינע זענען פאַרבאָטן געוואָרן, פּרוווט אייזנ־שטיין אַריינפּאַסן זיך אין דער נייער ליניע פון באַזינגען די העלדישקייט פון רוסישע פעאָדאַלן און קריגס־פירער. עס באַווייזט זיך זיין "אַלעקסאַנדער נעוו־סקי", צו וועלכן סערגיי פּראָקאָפיעוו שרייבט גלענצנדע מוזיק. דער דאָזיקער פילם איז אויסגערעכנט געוואָרן צו וועקן דעם רוסישן פּאַטריאָטיזם פאַרן קריג מיט די דייטשן.

די לעצטע יאָרן פאַרן קריג מיט היטלערן זענען געווען שרעקלעכע פאַר צענדליקער טויזנטער, וועלכע זענען פאַרשיקט און געשאָסן געוואָרן אונטער דער באַשולדיקונג, אַז זיי זאָלן זיין טראָצקיסטן, בוכאַרינצעס, זינאָוויעווצעס, אָדער סתם אַגענטן פון אויסלענדישע מלוכות. דאַן פאַרשווינדן איינער נאָכן צווייטן אַזעלכע קינסטלער, ווי עגערט, דער שעפער פון קינאָ־בילד "גאָבסעק", לויט באַלזאַק, פּראָטאַזאַנאָוו, דער קינסטלערישער אָנפירער פון מינסקער יידישן טעאַטער ראַפּאַלסקי ; עס ווערן ליקווידירט גאַנצע טעאַטער־קאָלעקטיוון, סטו־דיעס א. אַ. וו.

אין די יאָרן ווערט אייזנשטיין באַאויפטראַגט צו שאַפן אַ גרויסן פילם וועגן צאַר איוואַן דעם גרויזאַמען. סטאַלין האָט דאַן אַרויסגעבראַכט די טעאָריע, אַז דעם טיטל "גרויזאַמער" האָט אים צוגעטיילט נישט דאָס פאָלק פאַר זיינע גרויזאַמע טאַטן, נאָר די פעאָדאַלן, צו וועמען ער איז געווען אומברחמנותדיק, לטובת רוסלאַנד. צאַר איוואַן, האָט מען געלערנט, האָט אַלץ געטאָן, כדי צו צענטראַליזירן די מאַכט און פאַראייניקן די רוסישע ערדן. דאָס האָט באַ־דאַרפט דינען ווי אַ פּאַראַלעל, אַז אויך ער, סטאַלין, איז אומברחמנותדיק צו די פיינט, לטובת רוסלאַנד און זיין פאָלק, און אויך ער פאַרשפּרייט די השפּעה פון רוסלאַנד און אייניקט איר צו אַלץ נייע און נייע "אייביקע" רוסישע ערדן.

דאָס איז געווען אין די יאָרן, ווען פון איין זייט ווערן פאַרנומען ליטע, לעט־לאַנד, עסטלאַנד, שפּעטער מאָלדאַוויע, ווי אויך גרויסע שטחים פון פּוילן.

סערגיי אייזנשטיין פּאַרטראַכט דעם פילם "איוואַן דער גרויזאַמער" אין צוויי סעריעס. עס ווערן צוגעצויגן די גרעסטע שוישפּילער, קינסטלער, דע־קאָראַטאָרן. די ערשטע סעריע ווייזט איוואַנען ווי אַ מעכטיקן צאַר, וועלכער דעקט אויף איין פאַרשווערונג נאָך דער אַנדערער און קעפּט אויפן רויטן פּלאַץ אַלץ נייע טויזנטער און טויזנטער מענטשן. ער ווערט אַפילו דער מער־דער פון זיין אייגענעם זון, וועלכן ער באַשולדיקט אין פאַרשווערונג.

אויך סטאַלין האָט דערמאָרדעט זיין אייגענע פרוי אַלילועוואַ, ווען זי איז געקומען צו אים פאַרטיידיקן און בעטן פאַר אומשולדיק־באַשולדיקטע און פאַרמשפּטע חברים. אויך סטאַלין האָט זי נאָכגעפאָלגט אין די זעלבע פּאַ־לאַצן פון קרעמל, אין וועלבע איוואַן האָט דערהרגעט זיין זון און איצט דער־מאָרדעט סטאַלין מיט עטלעכע שאָסן פון אַ רעוואָלווער זיין פרוי, — אַזוי האָט זיך איבערגעחזרט די גרויל־געשיכטע.

די ערשטע סעריע פונעם פילם איז אַדורך. אייזנשטיין באַקומט די סטאַלין־פּרעמיע. די צווייטע סעריע ווערט שוין געמאַכט אין דער צייט פון קריג, אין די עוואַקואירטע סטודיעס פון "מאָספילם" אין קאַזאַכסטאַן, ווייט פון מאָסקווע און פון דער אייביקער שרעק און "קאָנטראָל", האָט דער גרויסער קינסטלער געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוברענגען זאַכן, ווי ער זעט זיי און פילט זיי. די דאָזיקע אויספירן זיינע וועגן איוואַנען האָבן נישט געקענט זיין אָן דער השפּעה, וועלכע אייזנשטיין האָט איינגעזאַפּט אין זיך אין די אַלע שווערע יאָרן פון אומבאַגרענעצטן דיקטאַט און ווילקיר.

דעריבער האָט ער אין דער צווייטער סעריע שוין באַוויזן איוואַנען אָן אויס־געלײדיקטן פון מענטשלעכע געפילן. איוואַן האַסט די מענטשן און גלייבט קיינעם נישט. ער איז אין שטענדיקן פּחד פאַרן אַרום, פאַרן פאַלק, וועמען ער האָט אָנגעטאָן אַזויפיל בייז. איוואַן פאַרשטעקט זיך הינטער די גראָבע שטיי־נערנע ווענט פון קרעמל און קוקט אַרויס מיט פּחד אויף דער אַרומיקער וועלט. ער איז איינזאַם אין זיין שרעק. מען מיידט אים אויס, ווי מען מיידט אויס דעם טויט. ער איז נאָר אַרומגערינגלט פון מאָנסטערס, פּראָפעסיאָנעלע הענ־קערס, סאַדיסטן, וועלכע פירן אויס זיינע בייזע באַפעלן. און נאָכדעם, ווי זיי

פירן אויס אַ מאָרד, ווערן זיי אַליין פון אַנדערע דערמאָרדעט, כדי צו פאַר־ווישן די שפורן. אַזוי האָט אויך געהאַנדלט מאַקבעט ביי שעקספּירן. דאָס איז געווען אַ לעבנס־וועג פון בלוט און טויט.

צי האָט אייזנשטיין געמאַכט עס באַוווסטזיניק, צי בלויז זיך אָפּגעגעבן זיין שעפערישער אינטואיציע און פאַרגעסן וועגן זעלביקן איוואַן אין קרעמל? ווי עס זאָל נישט זיין, דער פילם איז געווען פאַרענדיקט און געשיקט געוואָרן קיין מאָסקווע, ווו עס האָט אים באַדאַרפט זען סטאַלין, איידער ער ווערט באַוויזן אויף די טויזנטער עקראַנען פון ראַטנפאַרבאַנד.

דער "קרעמל־עקראַן", ווי מען האָט גערופן דעם קליינעם קינאָ־זאַל פון פּאָליט־ביוראָ, איז געווען די שרעק פון צענדליקער רעזשיסערן און שוישפּי־לער. אָט דאָ איז באַשטימט געוואָרן זייער גורל אויף אַראָפּ (אָפּטמאָל אַרעסט און טויט), אָדער אויף אַרויף און דאַן האָבן זיך געשאָטן פּרעמיעס, מעדאַלן, אָרדנס א. א. וו. אויב אַ פילם איז נישט אַדורך, איז ער געגאַנגען "נאַ פּאָלקו" (אויף דער פּאָליצע) און מער די ליכטיקע שיין נישט געזען. אַזעלכע זענען פאַראַן אין די הונדערטער. און פון דעם קינאָ־סעאַנס איז געווען אָפּהענגיק דער גורל פון סערגיי אייזנשטיין.

אין ווייכע פאָטעלן האָבן זיך אויסגעזעצט סטאַלין און זיינע נאָענטסטע באַהעלפער. שוין פון די ערשטע קאַדרען האָט מען באַמערקט זיין אומצופרידנ־קייט, וועלכע איז מיטן גאַנג פון פילם געוואַקסן און איבערגעגאַנגען אין אַ היסטערישן צאָרן. אין צימער האָט אָפּגעהילכט זיין אויסרוף, וועלכער האָט גע־קלונגען ווי אַן אורטייל:

— הינטישער זון! מערזאַוויעץ!

אייזנשטיין איז נישט געווען און די ווערטער, געווענדעטע צו אים, נישט געהערט. אָבער דאָס איז געווען גענוג, דער פילם איז אַראָפּגענומען געוואָרן און פאַרשטעקט געוואָרן אין די אַרכיוון.

אין אַ חודש אַרום נאָך שלמה מיכאָעלסעס אומקום אין מינסק, איז בעריאַ, סטאַלינס רעכטע האַנט, געקומען צום אויספיר, אַז עס איז געמאַכט געוואָרן אַ צו־גראָבע אַרבעט, וועלכע האָט גלייך אַרויסגעגעבן די אמתע באַנדיטן.

פונקט אין אַ חודש אַרום, אין זעלבן ווינטער פון 1948, האָט מען געפונען סערגיי אייזנשטיינען אַ טויטן ביי זיין שרייב־טיש אין זיין וווינונג. מען האָט וועגן דעם קיין סך נישט געשריבן. עס איז נאָר באַקאַנט געוואָרן, אַז ער איז געשטאָרבן אין רעזולטאַט פון אַ האַרץ־אַטאַק.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט דער בלוטיקער חשבון צווישן דיקטאַטאָר און קינסטלער. אין סערגיי אייזנשטיינען האָט די פילם־קונסט אין דער גאָרער וועלט פאַרלוירן איינעם פון אירע קלאַסיקער, איינעם פון אירע בעסטע שעפער, אויף וועמענס קונסט און, איבערהויפּט, אויף זיין אומשטערבלעכן פילם פון דער "שיף פּאָטיאָמקין" האָבן זיך געלערנט און אויסגעוואַקסן פירנדע קינאָ־שעפער אין דער גאָרער וועלט.

דער הונדערט־יעריקער געבוירנטאָג פון באַרימטן רוסישן בינע־מייסטער: אַקטיאָר, רעזשיסער און טעאָרעטיקער, קאָנסטאַנטין סטאַניסלאַווסקי, ווערט איצט אָפּגעמערקט אין דער גאָרער וועלט, ווו עס איז נאָר פאַראַן טעאַטער און טעאַטער־קונסט.

די פראַנצויזישע טעאַטער־וועלט, ווי אויך וויכטיקע ליטעראַרישע און קונסט־צייטונגען, ווידמען דעם רוסישן קינסטלער פיל אויפמערקזאַמקייט, מיטן פאַרעפנטלעכן אָפּהאַנדלונגען וועגן זיין לעבן און שאַפן.

אין וואָס באַשטייט דאָס נייע, דאָס אייגנאַרטיקע, וואָס סטאַניסלאַווסקי האָט אַריינגעבראַכט אין דער טעאַטער־קונסט? אין וואָס דריקט זיך אויס דאָס אוני־ווערסאַלע פון זיין סיסטעם, וואָס ווערט אָנגערופן מיטן נאָמען פונעם שע־פער: "דער סיסטעם פון סטאַניסלאַווסקי". איך וועל אין קורצן אָפּמערקן דעם גרויסן ווערט פון דער סיסטעם, וועלכער באַאיינפלוסט כמעט די מערהייט טעאַטערן פון דער וועלט, ווי די שוישפּילער אַזוי די רעזשיסערן. איך וועל פּרווון באַרירן נאָר אייניקע אַספּעקטן פון דעם ענטפער.

דאָס טעאַטראַלע, דער חוש פאַר טעאַטער־קונסט און ליבע צום טעאַטער. האָט סטאַניסלאַווסקי געירשנט פון זיין באָבע, דער פראַנצויזישער אָפּערעטן־אַקטריסע, מאַרי וואַרלעי, וועלכע איז געקומען אויף גאַסטראָלן קיין רוסלאַנד, דאָרט חתונה געהאַט און פאַרבליבן. זיין פאָטער, דער רייכער סוחר און פאַב־ריקאַנט אַלעקסעיעוו, האָט געגעבן זיינע קינדער אַלע מעגלעכקייטן זיך אויס־לעבן לויט זייערע נייגונגען.

איינזעענדיק, אַז דער יונגער קאָסטיאַ האָט ליב טעאַטער, האָט דער פאָ־טער געשאַפן אַ קליינעם פאַמיליע־טעאַטער, ווו זיין זון קאָסטיאַ איז געווען דער שוישפּילער און רעזשיסער און די איבעריקע קינדער האָבן צוגעהאָלפן. ווען מען האָט באַדאַרפט יאַפּאַנישע קאָסטיומען און מאַסקעס פאַר אַ מוזיקאַ־

לישער קאָמעדיע, האָט מען די קאָסטיומען אַראָפּגעבראַכט פון יאַפּאַן. דער יונגער קאָנסטאַנטין איז פיל געגאַנגען מיט זיין באַבע און עלטערן אין פאַרשיידענע מאָסקווער טעאַטערן, ווו עס זענען אָפט אויפגעטראָטן אויסלענדישע באַרימטע שוישפילער, ווי ראָסי, סאַלוויני, דוזע, אָלדריטש, סאַראַ בערנאַר און אַנדערע. זייער שפיל האָט געמאַכט אויף אים אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק. ער קוקט זיך אויפמערקזאַם צו צום שפיל פון די רוסישע שוישפילער: סאַדאָווסקי, לענסקי, יערמאָלאָווא, סאַווינאַ, קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ, און הויבט זיך אָן אינטערעסירן מיט דער קונסט פון שוישפילער און טעאַטער.

סטאַניסלאַווסקי הויבט־אָן לערנען טעאַטער־קונסט ביי דער געניאַלער רוסישער שוישפּילערין סאַדאָווסקאַיאַ און שאַפט שפּעטער אַן אייגענע טרופּע. אין זיין יונגן טעאַטער שטעלט זיך שוין סטאַניסלאַווסקי פאַר אַ ציל צו שפּילן טעאַטער אויף נייע יסודות מיט אַן ערנסטן און פאַרטיפטן צוגאַנג צו אַ געשטאַלט. ער הויבט־אָן זוכן און אַנאַליזירן די סיבות פון זיינע דורכפאַלן אין דער אָדער יענער ראָל. ער הויבט אָן קאָנטראָלירן דעם גאַנצן פסיכאָלאָגישן און פיזיאָלאָגישן גאַנג פון אַרבעט איבער אַ סצענישער געשטאַלט, פון איבערגעבורט פון מענטש־אַקטיאָר אין מענטש־געשטאַלט. זיינע אויספירן מאַכט ער דאָס רוב, אַרויסגייענדיק פון זיין אייגענער פּראַקטיק אַלס שוישפּילער. סטאַניסלאַווסקי האָט זיך געוואָנדן צו נאָענטע וויסנשאַפטן, וועלכע האָבן צו טאָן מיטן דערגרונטעווען זיך אין די סודות פון מענטשלעכער פסיכיק און רעפלעקסן. ער שטודירט די לערע פון רוסישן געלערנטן פּאַוולאָוו. ער ווענדעט זיך צו פאַרשיידענע געביטן פון פסיכאָאַנאַליז. סטאַניסלאַווסקי האָט געפּרווט אויסאַרבעטן געזעצן און אַריינברענגען אַ סיסטעם אין דעם כאַאָס, וועלכער האָט לאַנגע יאָרן געהערשט אויפן געביט פון טעאַטער־קונסט.

אַנאַליזירנדיק די סיבות פון זיינע דורכפאַלן, וואָס האָבן אים אינטערעסירט מער ווי זיינע קאָלאָסאַלע קרעאַציעס אויפן געביט פון אַרבעט איבער אַ געשטאַלט, זעט ער איין, אַז אין פּראָצעס פון שאַפן, שפּילט אַ גרויסע ראָלע דער אונטערבאַוווסטזיין, וואָס לאָזט זיך נישט פירן אַזוי פשוט און פּראָסט פון באַוווסטזיין. דער אונטערבאַוווסטזיין לאָזט זיך נישט דיקטירן און אַריינלייגן אין געזעצן פון אַ סיסטעם. בלויז גרויסע טאַלאַנטן פאַרמאָגן דעם אָפט, גליקלעכן צונויפפאַל פון אַן אָנגערעגטן אונטערבאַוווסטזיין צו זייער באַוווסטזיין און שאַפן דערביי קונסט־ווערק, וואָס באַצויבערן דעם לייענער, הערער און צושויער. אָבער אַפילו טאַלאַנטפולע מענטשן (און זיין סיסטעם האָט ער

אויסגעאַרבעט און געשריבן בלויז פאַר טאַלאַנטירטע) זענען אָפט פאַרלוירן מיט זייער טאַלאַנט, נישט ווילנדיק, ווי צו פּראָוואָצירן און זיך ברענגען אין אַ צושטאַנד פון אָנגערעגטן שאַפן. איבערהויפּט, ווען דער שוישפּילער איז גלייכצייטיק דער אָביעקט און סוביעקט פון זיין שאַפן. און דאַן ברענגט ער אַרויס זיינע באַרימטע געזעצן און איבונגען, זיינע פאָדערונגען פון דיסציפּלין, פון עטיק און עסטעטיק, זיין טעאָריע פון גלויבן, פון שאַפן די געהעריקע אַטמאָספער פון סצענישער האַנדלונג — וועלכע באַדאַרפן אָנרייצן דעם אונטערבאַוווסטזיין און בילדן פאַר אים די געהעריקע באַדינגונגען, ער זאָל עפענען זיינע קוואַלן פאַר שאַפונג.

סטאַניסלאַווסקי באַגנוגנט זיך נישט בלויז מיט דער טעכנישער זייט, וועלכע שפּילט אַ וויכטיקע ראָל. פיל פלאַץ ווידמעט ער דאָס אידייאישע אין דער קונסט. האַלטנדיק, אַז אַ ריכטיק געפונענע אידייע איז דער אויסגאַנג־פּונקט פאַר יעדן שאַפן. אַז די אידייע רעגט דעם באַוווסטזיין, די אינטואיציע און פאַנטאַזיע פון קינסטלער און שפּייזט און רעגט דעם אונטערבאַוווסטזיין. דעריבער זענען די גרעסטע שאַפונגען, גלייכצייטיק שאַפונגען פון אַ גרויסן מענטשלעכן און אידייאישן ווערט. און דעריבער האָט ער געפאָדערט פון שוישפּילער נישט בלויז שפּילן, נאָר קענען פאַראַלגעמיינערן און אַרויסברענגען אַ געדאַנק.

אין 1898 שאַפט סטאַניסלאַווסקי צוזאַמען מיט דעם באַוווסטן פּעדאַגאָג און דראַמאַטורג, נעמיראָוויטש דאַנטשענקאָ, דעם מאָסקווער קינסטלערישן טעאַטער, וועלכער קריגט שפּעטער אַ שם איבער גאָר דער וועלט. דאָ, אין זיין טעאַטער, אויף די ווערק פון טשעכאָוו און גאָרקי, דאָסטאָיעווסקי, מעטערלינק, באָמאַרשע, פּירט ער דורך זיין סיסטעם אין דער פּראַקטיק. עס אַנטפּלעקט זיך פאַר גאָר דער וועלט אַ נייע טעאַטער־קונסט, אַ קונסט, וועלכע שטייט אויף דער הויך פון ערנסטער און גרויסער ליטעראַטור, מוזיק, מאָלעריי.

**
*

איך האָב געהאַט דאָס גליק, אין יאָר 1936, בייצוווזיין אויף אייניקע פּראָבן, מיט וועלכע עס האָט אָנגעפירט קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש סטאַניסלאַווסקי. דאָס איז געווען ביי אים אין הויז אין זאַל מיט די צוויי ווייסע קאָלאָנעס. ער האָט אינטערפּרעטירט מיט יוגנטלעכע פון זיין לעצטער סטודיע, וועלכע איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם סטאַניסלאַווסקי־טעאַטער, די "דריי שוועס־

טער" פון טשעכאָוו. מיך האָט באַגייסטערט דער יוגנטלעכער ברען פון דעם איבער דריי און זיבעציק־יעריקן זקן, וועלכער האָט אַלץ אויפגענומען מיט דער פרישקייט פון אַ יוגנטלעכן. קאָנטיק, אויף גרויסע קינסטלער האָט די עלטער קיין איינפלוס נישט. זיינע פאָדערונגען צו די יונגע שוישפּילער זענען געווען שטרענגע און האַרבע. זיין באַרימטע קורצע פראַזע "ניע וויערו" (כ׳גלויב נישט) האָט געקלונגען אין זאַל אָן אויפהער. ער האָט געפאָדערט אמתע, אויפ־ריכטיקע געפילן און איבערלעבונגען אויף דער בינע, הונדערט פּראָצענטיקן גלויבן אין דעם, וואָס דו טוסט.

— די געפילן פון דער געשטאַלט מוזן ווערן אייערע געפילן. זיינע ליידן און פריידן באַדאַרפן ווערן אייערע ליידן און פריידן, דאַן וועט איר אָנהויבן ריכטיק צו לעבן מיטן לעבן פון אייער געשטאַלט — אַזוי האָט ער זיך גע־ווענדעט צו איינער פון די אַקטריסעס.

איבער דריי יאָר האָט ער געאַרבעט מיט דער יוגנט פון זיין לעצטער סטודיע. דער טויט אין יאָר 1938 האָט איבערגעריסן זיין טאָג־טעגלעכע אַסקע־טיש־איבערגעגעבענע אַרבעט אין טעאַטער און איבער זיינע ווערק, וועלכע זענען דערשינען אין אַכט בענדער.

נאָכן טויט, ווען מען איז צוגעטראָטן צונויפזאַמלען זיין אַרכיוו און בריוו־אויסטויש מיט טויזנטער און טויזנטער שרייבער, מוזיקער, שוישפּילער, גע־לערנטע און צושויער, האָט מען אויך אַרויסגעפונען צוויי בריוו פון שלום־עליכם. די בריוו זענען דאַטירט אין די ערשטע יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט, פאַר דער רעוואָלוציע פון 1905.

שלום־עליכם האָט אין יענע יאָרן געטרוימט (צום וויפלטן מאָל) צו שאַפן אין אָדעס אַ יידישן קונסט־טעאַטער. ער האָט געשריבן צו סטאַניסלאַווסקין, וועלכער איז שוין דאַן געווען באַרימט מיט זיינע געלונגענע פּרווון אינעם מאָסקווער קונסט־טעאַטער, ער זאָל אים געבן איבערגעבן, ווי אַזוי ער האָט אָרגאַניזירט זיין טעאַטער, אויף וועלכע יסודות, עטישע און עסטעטישע. דער גרויסער יידישער שרייבער האָט געבעטן סטאַניסלאַווסקין, ער זאָל אים אויך שרייבן וועגן זיינע פאָדערונגען צו די שוישפּילער, וועגן דער אָרגאַניזאַטאָ־רישער זייט, וועגן רעפּערטואַר. סטאַניסלאַווסקי, וועלכער האָט זיך מיט גרויס ערנסט באַצויגן צו יעדן ערנסטן פּרווו פון בויען אַ נייעם טעאַטער, האָט ברייט געענטפערט שלום־עליכמען.

שלום־עליכם, נאָכן אַרויסטרעטן מיט זיין באַרימטן שמר־משפט אין דער ליטעראַטור, האָט געטרוימט מיט יידישן קונסט־טעאַטער זיך אַנטקעגנצו־שטעלן דעם שטראָם פון שונד און ביליקן בולוואַר־רעפּערטואַר, וועלכער האָט געבליט אויף דער יידישער בינע.

נאָר, זעט אויס, די טרויעריקע ווירקלעכקייט האָט געשטערט אונדזער גרויסן קלאַסיקער צו פאַרווירקלעכן זיין טרוים. זיין טעטיקייט פון אָרגאַניזירן אַ נייעם טעאַטער האָט אַרויסגערופן, ווי מען דערציילט, אַ שרעק ביי די דירעקטאָרן און אימפּרעסאַרן פון דעם "יידיש־דייטשן" טעאַטער און זיי האָבן אים פאַר־מסרט פאַרן גובערנאַטאָר, איבערגעבנדיק אַ פּעטיציע, אַז אייניקע יידישע קולטור־טוער קלייבן זיך צו עפענען אַ "קראַמאַלנעם" טעאַטער, ווו עס וועט געשפּילט ווערן נישט אויף דייטש, נאָר אויף זשאַרגאָן. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען גענוג, דער פּרווו זאָל נישט פאַרווירקלעכט ווערן. שלום־עליכם איז פאַרבליבן פאַרביטערט און אַנטוישט.

***

אין 1918 האָט אַ גרופּע פון דער מאָסקווער העברעאישער טעאַטער־סטודיע "הבימה" זיך געווענדעט צו סטאַניסלאַווסקין, ער זאָל ווערן זייער דערציער און לערער. סטאַניסלאַווסקי האָט מיט גרויס סימפּאַטיע אויפגענומען די איינלאַדונג, נאָר צום באַדויערן זיין איבערלאָדנקייט האָט אים נישט גע־געבן אַ מעגלעכקייט עס אַדורכצופירן. ער האָט שוין דאַן אָנגעפירט, אַ חוץ מיטן טעאַטער, מיט דריי דראַמאַטישע סטודיעס און אַן אָפּערע־סטודיע. אָבער ער האָט אויסגעטיילט פאַר דער "הבימה" זיין בעסטן און באַליבטסטן שילער יעווגעני וואַכטאַנגאָוו. אַליין אַן אָפּשטאַמיקער פון אַרמעניע האָט וואַכטאַנגאָוו ספּעציעל געלערנט די העברעאישע שפּראַך, כדי צו פאַרשטיין דעם טעקסט פון דער פּיעסע, וועלכע ער האָט מיט די יונגע שוישפּילער אויפגעפירט. וואַכ־טאַנגאָוו, נישט קוקנדיק אויף זיין שווערער קראַנקהייט, האָט אָפּגעגעבן פיל צייט און מי, כדי איבערצוגעבן די עברית־שוישפּילער דעם סיסטעם און לערע פון זיין רבין סטאַניסלאַווסקי. אין רעזולטאַט פון דער דאָזיקער אַרבעט איז געבוירן געוואָרן דער שויך־באַרימטער "הדיבוק" און עס איז געשאַפן געוואָרן איינער פון אונדזערע בעסטע טעאַטערן די "הבימה".

די שוישפּילער פון ״הבימה״: חנה ראָווינאַ, אהרון מעסקין, דוד וואַרדי, תמר ראָבינס, יהושע בערטאָנאָוו, צבי פרידלאַנד און פיל אַנדערע, זענען פאַר־בליבן טריי דער לערע פון זייער אַזוי באַליבטן וואַכטאַנגאָוו, און דורך אים דעם שוישפּילער־סיסטעם פון קאָנסטאַנטין סטאַניסלאַווסקי.

מיט דער דאָזיקער לערע האָבן זיי אין די איבער פינף און פערציק יאָר טעטיקייט פון ״הבימה״ באַשאַפן צענדליקער אומשטערבלעך־קינסטלערישע גע־שטאַלטן פון יידישן און וועלטלעכן רעפּערטואַר. זייער דערפאַרונג גיבן זיי איבער זייערע שילער, די יונגע שוישפּילער פון ישראלדיקן טעאַטער, וועלכע זענען באַרימט און באַליבט ביים ישראלדיקן צושויער.

צווישן די גרויסע קולטור־אוצרות, וואָס מיר האָבן געשאַפן אין לעצטן יאָרהונדערט, פאַרנעמט דער נאַציאָנאַלער טעאַטער "הבימה" אַ גאָר וויכ־טיק אָרט.

נאָכן לעצטן חורבן פון אונזער קולטור אין אייראָפּע און שפּעטער אין רוס־לאַנד, ווען יידיש טעאַטער איז פאַרשוויגן געוואָרן, פאַרבלייבט, אייגנטלעך, די "הבימה" דער איינציקער נאַציאָנאַלער קונסט־טעאַטער ביי יידן.

יעדן אָוונט עפנט ער זיינע ברייטע, מיט ליכט־באַשיינטע טירן פאַר הונ־דערטער צושויער, וואָס פאַרפילן די צוויי לאָקאַלן פון טעאַטער. איבער אַ האַלבער מיליאָן מענטשן באַזוכן יערלעך די "הבימה"־פאָרשטעלונגען. אונ־דזערע סאַברעס באַקענען זיך מיט דער וועלט פון זייערע עלטערן און זיידעס דורך די געשטאַלטן פון שלום־עליכם, מענדעלע מוכר ספרים, אויף די ספּעק־טאַקלען פון "הבימה". זיי קומען בייטאָג, אָרגאַניזירט צוזאַמען מיט די לערערס, און די טויזנט צוויי הונדערט פּלעצער ווערן פאַרפולט מיט אַן אומגעדולדיקן עולם, וואָס קוקט אַרויס מיט נייגער, ווען עס וועט זיך עפענען דער פאָרהאַנג און זיי וועלן דערזען זייערע באַליבטע העלדן פון שלום־עליכמס "אויפן פּי־דעלע" — אַ הערלעכע קינדער־פאָרשטעלונג, וואָס עס האָט אויפגעפירט דער פאַרשטאָרבענער טשעמערינסקי.

ווער פון ישראלים האָט דורכגעלאָזט די געלעגנהייט צו זען יהושע בער־טאָנאָוו און שמעון פינקעל אין דער געשטאַלט פון טוביה?

די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט די ווערק פון שעקספּיר, מאָליער, טשעכאָוו, ווי די מאָדערנע שרייבער: ברעכט, סאַרטר, אָיניל, יאָנעסקאָ, באַקומט דער ישראל־צושויער אין דער "הבימה".

דער נאַציאָנאַלער טעאַטער איז געווען די לאַבאָראַטאָריע און אוניווער־סיטעט פאַר פיל ישראל־דראַמאַטורגן, וואָס האָבן זיך דאָ באַוויזן צום ערשטן

מאָל. משה שמיר, אפרים קישון, אשמן, אהרן מגד, זענען באַקאַנט געוואָרן דורך זייערע געשפּילטע פּיעסן אין דער "הבימה".

"הבימה" פאָרט אָפּט אַרויס איבערן לאַנד מיט אירע פאָרשטעלונגען. עס איז גרויס דער יום־טוב אין קיבוץ, אָדער מושב, ווען עס קומען צו פאָרן די אַזוי באַליבטע און גוט־באַקאַנטע אַקטיאָרן: חנה ראָווינאַ, אהרן מעסקין, שמעון פינקעל, ווי די יונגע יוסי בנאי, דינה דורן, שמוליק סגל א. אַנד. ביז שפּעט אין אָוונט לייכטן די פּראָזשעקטאָרן אין דעם חדר־האוכל פון קיבוץ, ווו אויף דער קליינער בינע ווערט געשפּילט די פאָרשטעלונג "חנה סנש". יונג און אַלט לעבן מיט צוזאַמען מיט דער העראָאישער יידישער טאָכטער, וואָס קומט אום אויף קידוש השם, ראַטעווענדיק אונגאַרישע יידן פון די נאַצישע וואַנדאַלן.

***

דער נאַציאָנאַלער ישראל־טעאַטער "הבימה" איז אַרויסגעוואַקסן פון די ראַמען פון אַ קונסט־סטודיע, וואָס נחום צמח האָט געשאַפן אין מאָסקווע אין 1917. אין שווערע טעג פון רעוואָלוציע, בירגער־קריג, הונגער און קעלט, איז אַ גרופּע ענטוזיאַסטן זיך צונויפגעקומען בילדן אַן עברית־טעאַטער. עס איז ממש צו שטוינען, ווי שטאַרק עס האָט באַדאַרפט זיין די וויזיע און גלויבן, כדי אין יענע ווייטע טעג צו פאַרמאָגן די זיכערקייט און איבערצייגונג, אַז דאָס ווערט באַשאַפן אַ טעאַטער פאַר דעם מאָרגן פון אַן אויסגעלייזט ישראל.

עס איז שווער צו טרעפן, ווי עס וואָלט אויסגעזען דער גורל פון טעאַטער, ווען זיי ווענדן זיך נישט צו סטאַניסלאַווסקין, דעם באַרימטן טעאַטער־גאון, ער זאָל זיי אויסטיילן זיין בעסטן שילער יעווגעני וואַכטאַנגאָוו אַלס רעזשיסער און לערער.

מיטן אַריינקומען פון וואַכטאַנגאָוון אין דער קליינער טעאַטער־סטודיע איז אַריינגעדרונגען די אַטמאָספער פון פאַרטיפטער און הייליקער אַרבעט איבער פּראָבלעמען פון טעאַטער־קונסט און שאַפונג. מען האָט פאַרגעסן אָן דער אויסערלעכער וועלט. נישט דערגעסן, אין אַ נישט־געהייצטן לאָקאַל, האָט מען פאָרגעזעצט די פּראָבן גאַנצע טעג. אַן אינערלעכער פייער האָט געברענט אין די יונגע הערצער, געבונדן מיט אַ ווילן בייצוקומען אַלע שוועריקייטן, אַבי צו פאַרהיטן דעם ניי־געבוירענעם טעאַטער.



חנה ראָווינאַ און דער מחבר פון דאָזיקן בוך
נאָך דער גענעראַל־פּראָבע פון
די „בוימער שטאַרבן שטייענדיק״.

די נאָוואָטאָרישע פאָרשטעלונג "הדיבוק" פון אַנסקי איז אַריבער די ענגע ראַמען פון דער קליינער בינע. עס איז געוואָרן אַן אויפפירונג, וואָס האָט פאַראינטערעסירט נישט נאָר יידישע קרייזן, נאָר ברייטע שיכטן פון דער רוסי־שער אינטעליגענץ, צווישן זיי קינסטלער, שרייבער, פּאָליטישע טוער, וואָס האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אינעם סאָוויעטישן לעבן נאָך דער רעוואָלוציע.

"הדיבוק" האָבן באַוואונדערט סטאַניסלאַווסקי, גאָרקי, און דער בילדונגס־קאָמיסאַר לונאַטשאַרסקי (דער זעלבער, וואָס האָט שפּעטער געהאָלפן דער טרופּע אַרויסצופאָרן פון רוסלאַנד).

פאַר דעם מאָסקווער צושויער פון דעם אָנהויב צוואַנציקער יאָרן איז די פאָרשטעלונג "הדיבוק" געווען ניי און דרייסט. מיטן עפענען דעם פאָרהאַנג, איז אַלץ געווען נישט געוויינלעך: די שפּראַך, מוזיק, טענץ, זשעסט, ווי די גאַנצע סימבאָליק און מיסטיק פון אַנסקיס ווערק, וואָס דער רוסיפיצירטער אַרמענישער רעזשיסער וואַכטאַנגאָוו האָט אַזוי טיף פאַרשטאַנען און אַרויס־געבראַכט.

דער שרייבער מאַקסים גאָרקי האָט פאַרשריבן נאָך דער פאָרשטעלונג:

"וואָס פאַראַ כישוף אין דעם דאָזיקן קליינעם הויז? וויל אַ מענטש זיך אָפּרוען, דערגרייכן אַ ביסל שלווה אינעם מהומהדיקן לעבן, זאָל ער אַריינגיין אין דעם דאָזיקן הויז און תיכף וועט ער זיך געפינען אין אַן אַנדערער וועלט. "הבימה" איז אַ בולטער עדות, ווי זיגעריש עס איז דער כוח פון טאַלאַנט. דאָס דאָזיקע וואונדערלעכע ווערק איז געשאַפן געוואָרן אין הונגער, קעלט און קריג, וואָס האָבן נישט זייערס גלייכן און דאָס אַלץ פאַרן זכות צו קענען רעדן אין דער שפּראַך פון תנ"ך. דאָס איז אַ קליינער טעאַטער, באַהאַלטן ערגעץ אין אַ פאַרשטויסן געסל פון מאָסקווע און געבויט האָבן אים יונגע יידן, וואָס האָבן ליב אהבת נפש זייער וואונדערלעכע שפּראַך. אַן אוממענטשלעכער אָנשטרענג איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין דעם קליינעם טעאַטער "הבימה", אין אַ טעאַטער, מיט וועלכן דאָס יידישע פאָלק מעג זיך גרויסן. דאָס דאָזיקע געזונטע און שיינע קינד וועט אויסוואַקסן און ווערן דער שמשון פון זיין פאָלק".

אין "הדיבוק" האָבן זיך אַנטפּלעקט די טאַלאַנטפולע אַקטיאָרן: חנה ראָווינאַ, נחום צמח, אהרן מעסקין, יהושע בערטאָנאָוו, ברוך טשימערינסקי, מנחם גנעסין דוד ורדי.

עס קומט די צווייטע גרויסע פאָרשטעלונג "דער גולם" פון ה. לייוויק. דער יונגער עברית־טעאַטער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט אויפגע־פירט די אומשטערבלעכע דראַמאַטישע פּאָעמע פון ה. לייוויק. אַ באַזונדערן איינדרוק אויפן צושויער האָט געשאַפן אהרן מעסקין אין דער געשטאַלט פון גולם.

נישט געקוקט אויפן גרויסן דערפאָלג פון "הדיבוק" און "גולם", ווערן פאַרן טעאַטער די באַדינגונגען אַלץ שווערער און שווערער. עס בייט זיך די באַציאונג פון די אָפיציעלע קרייזן אויף ערגער. אין זאַל זעט מען אָפט קומט אַ מנין יידן, וואָס קומען פון טשעקאַווע־וועגן אָנזען, ווי מען שפּילט אין עברית. די אַקטיאָרן הייבן אָן צו פאַרשטיין, אַז דאָס אַרויספאָרן אין דער ברייטער יידישער וועלט קען ראַטעווען דעם טעאַטער. מיט דער הילף פון דערמאָנטן לונאַטשאַרסקי געלינגט דער "הבימה" אין יאָר 1926 צו פאַרלאָזן רוסלאַנד.

מיטן אַריבערקומען די גרענעץ פון רוסלאַנד הייבט זיך אָן אַ נייער קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון טעאַטער. עס הויבן זיך אָן חדשים און יאָרן פון אַרומפאָרן איבער צענדליקער שטעט פון אייראָפּע און אַמעריקע. אומעטום ווערן די פאָרשטעלונגען פון "הבימה" אויפגענומען מיט באַגייסטערונג. דער טעאַטער ווערט גיך באַוווסט און באַרימט איבער דער גאָרער וועלט. נישט נאָר די יידישע קריטיק הייבט אַרויס די גלענצענדיקע קונסט, נאָר אויך די ענג־לישע, פראַנצויזישע, דייטשע, שפּאַנישע פּרעסע, שרייבט וועגן "הבימה" און שטעלט זי אַרויס ווי אַ טעאַטער פון אַן אוניווערסאַלן פאַרנעם און פאַרמעסט.

אין 1927, נאָכן פאַרלאָזן רוסלאַנד, שרייבט חיים ווייצמאַן צו דער "הבימה":

"איך בין אַ קנאַפּער מבין אויף קונסט און מיינע שבחים וואָלטן זיכער נישט געהאַט קיין חשיבות אין אייערע אויגן. אָבער איך בעט אייך, נעמט־אָן מיינע ברכות און דאַנק פון טיפסטן האַרצן. זאָל די "הבימה" זוכה זיין איינ־גיכן צו דערגרייכן איר ציל און פאַרשטאַרקן איר פּאָזיציע. איר זאָלט אַלע זוכה זיין ממשיך צו זיין אייער הייליקע און ריינע אַרבעט אויף די בערג פון ציון און ירושלים".

עס קומט דאָס יאָר 1931 און די טרופּע נעמט זיך צונויף צו באַשליסן דעם ווייטערדיקן גורל און וועג פון טעאַטער. עס קומט צו אַ שטאַרקן וויכוח. אַ קליינער טייל, צוזאַמען מיט נחום צמח, איז ביי דער מיינונג, אַז מען באַ־

דאַרף זיך באַזעצן אין אַמעריקע און בילדן דאָרט אַ שטענדיקן עברית־טעאַטער. עטלעכע שוישפּילער פאָרן שפּעטער צוריק קיין רוסלאַנד. די גרעס־טע טייל מיט חנה ראָווינאַ, אהרון מעסקין, שמעון פינקעל, יהושע בערטאָנאָוו, ברוך טשעמערינסקי און אַנדערע באַשליסט צו פאָרן קיין ארץ־ישראל און בויען צוזאַמען מיט אַלע יידן, מיט חלוצים, דאָס לאַנד פון דער יידישער גאולה.

די געשיכטע האָט געפּסקנט, אַז די לעצטע זענען געווען די גערעכטע. פון צמחס פּרווון האָט זיך גאָרנישט אַרויסבאַקומען. די עטלעכע חברים, וואָס זענען געפאָרן צוריק קיין רוסלאַנד, זענען שוין לאַנג פאַרשוווּנדן אָדער זיך אַסימילירט אין רוסישע טעאַטערן. נאָר טריי זיך און זייער אידעאַל איז פאַר־בליבן די צוריקגעקערטע ארץ־ישראל־גרופּע, וואָס איז אויסגעוואַקסן צום גרעסטן נאַציאָנאַלן טעאַטער — ״הבימה״.

**
*

דער גורל האָט מיך צונויפגעפירט מיטן טעאַטער ״הבימה״ אין יאָר 1959. שוין ביי די ערשטע פּראָבן פון ״די ביימער שטאַרבן שטייענדיק״, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב פאַר זיך גלענצענדיקע, געשולטע שוישפּילער, וואָס זענען אין דער מערהייט, פאַרבליבן טריי זייער לערער און דערציער וואַכ־טאַנגאָוו און דורך אים צו דעם טעאַטער־סיסטעם פון סטאַניסלאַווסקי, וועלכער איז אויך געווען מיין לערער אין דער מאָסקווער טעאַטער־אַקאַדעמיע. זייענדיק שילער פון דער זעלבער טעאַטער־שיטה, האָבן מיר גיך געפונען אַ געמיינ־זאַמע שפּראַך ביי דער אַרבעט.

דריי חדשים האָבן מיר טאָג־טעגלעך דורכגעפירט די פּראָבן איבער דער פּיעסע פון שפּאַניער קאַסאָנאַ. אין אונדזערע פּראָבן האָב איך זיך נעענטער באַקענט מיטן אופן פון אַרבעט איבער אַ געשטאַלט פון חנה ראָווינאַ, מיטן צו־גאַנג צו טעאַטער־קונסט פון שמעון פינקעל, רפאל קליאַטשקין, דינה דורן.

די פאָרשטעלונג איז געשפּילט געוואָרן איבער צוויי הונדערט מאָל און געוויזן געוואָרן איבערן גאַנצן לאַנד.

צום צווייטן מאָל זענען מיר זיך צוזאַמענגעקומען בעת מיין אויפפירן טשעכאָווס פּיעסע ״אָנקל וואַניאַ״. דאָס מאָל איז די הויפּט־ראָל אויסגעפאַלן

צו שפּילן שמעון פינקעל. דער שוישפּילער פינקעל, וועלכער האָט מיך באַ־איינדריקט אין דער געשטאַלט פון שײַלאָק, ווו ער האָט אַרויסגעבראַכט אַ נײַע אויפפאַסונג אין באַנעם פון דער שעקספּיר־געשטאַלט, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גאָר גרויסן קינסטלער, מיט אַ טיפער טעאַטראַלער קולטור און וויסן.

פיל פרייד און גענוס האָב איך געהאַט ביי מיין אַרבעט מיטן עלטסטן ישראל־אַקטיאָר יהושע בערטאָנאָוו, וואָס נישט געקוקט אויף זיינע בקרוב פינף און אַכציק יאָר, איז ער פאַרבליבן ענערגיש און געוואַלטיק אַרבעטס־פעאיק. ער האָט געשפּילט אַ קליינע ראָל אין "אָנקל וואַניאַ", דאָך איז זיין באַציאונג געווען אויף אַזויפיל ערנסט און פאַראַנטוואָרטלעך, אַז ער האָט בשום אופן נישט איינגעשטימט צו אימיטירן, אַז ער שפּילט אויף דער גיטאַרע, נאָר האָט פאַר די עטלעכע חדשים זיך אַליין אויסגעלערנט שפּילן און איז דרייסט גע־גאַנגען אויף דער בינע, מיט זיין גיטאַרע אַליין געשפּילט, און דאָס, ווי ער האָט מיר פאַרזיכערט, האָט אים זייער געהאָלפן צו לעבן ריכטיק און אָרגאַניש מיטן לעבן פון זיין געשטאַלט.

פאַרמאָגנדיק פינף און פערציק יאָר פון אָנגעשטרענגטער, שווערער אַרבעט, פאַרבלייבט דער טעאַטער יונג און שעפעריש.

# אינהאַלט

# פאָטאָס — אילוסטראַציעס:

זייט

